קאַמפּף בענעהמען דאָס אויג, — און אַ כּפּרה דער אמת: „ניכטס איסט וואהר!" אַ כּפּרה דער יושר: „אַללעס איסט ערלאַובט!"

שוין אָט דער פאַקט אַליין, וואָס מאַרקס, טאָלסטאָי און ניעטצשע האָבען זיך אונבעוואוסטערהייד איינגעטיילט אין דער ממשלה פון אמת, יושר און חן, איז שוין, דוכט מיר אַ קלאָהרער בעווייז, אַז זיי האָבען דעם איינהייטליכען מענשליכען אידעאַל פאַנאַנדערגעריסען אויף דרייען און אַז נאָר אין דער פעראייניגונג פון זיי דרייען ליעגט דער ריכטיגער וועג צו דעם „העכסטען גוט". דאָס וועט אונז נאָך קלאָהרער ווערען, ווען מיר וועלען זיך ווענדען צו זייערע אידעאַלען גופא.

איך וועל אויך דאָ אָנהויבען מיט טאָלסטאָי.

טאָלסטאָי'ס געדאַנק, אַז דער עגאָיזם קאָן ניט ברענגען קיין אמת'ן גליק, אַז די זון פון לעבען מוז ווערען פערטונקעלט, ווי נאָר עס בעווייזט זיך איינעם די שוואַרצע אימה פון טויט; אַז נאָר די גרויסע ליעבע צו די מיטמענשען קאָן אונז רעטען פון יענער אימה און מאַכען פערגעסען אונזער אייגענעם ביטערען סוף, — די אַלע געדאַנקען טאָלסטאָי'ס בעטראַכט איך, ווי אַ גרויסע וויסענ־שאַפטליכע ענטדעקונג, וואָס פערדיענט אין דעם לעבען פון דער מענשליכער נשמה צו שפּיעלען כמעט אַזאַ וויכטיגע ראָליע, וואָס ניוטאָן'ס גראַוויטאַציאָנס־געזעץ שפּיעלט אין דער ערקלעה־רונג פון דער נאַטור. ווען מען נעהמט טאָלסטאָי'ס געדאַנקען אריין אין פלייש און בלוט, ווען מען גראָבט אויף די פונקען פון מענשען־ליעבע ביי זיך אין הארצען און בלאָזט זיי פאַנאַנדער צו אַ פלאַם, איז יעמאָלט קאָן מען ניט נאָר מיט'ן מוח איינזעהן, נאָר מיט'ן געפיהל דערפיהלען, אַז מיין לעבען און דער לעבען פון אַלע אַנדערע מענשען איז אין תוך אריין איין־און־דערזעלביגער לעבען און אַז מיין פערשווינדען איז אסור אַזאַ וויכטיגע פּאַסירונג, מען זאָל זי מוזען אַזוי שטאַרק זיך נעהמען צום הארצען. דאָס איז פאַר מיר קלאָהר ווי דער טאָג. אָבער אַרויסדרינגען דערפון, אַז „דעריבער" זאָל איך לעבען נאָר צוליעב דעם אַנדערן און גאָר ניט צוליעב זיך, איז אַ היבשער שפּרונג, וועלכען מען דאַרף נאָך פריהער גוט בעקלעהרען, איידער מען מאַכט איהם.

לאָמיר פּרובען קאָנסעקווענט דורכפיהרען טאָלסטאָי'ס אַל־

טרואיזם אין גערדאַנקען: איך לעב ניט צוליעב מיר, איך לעב צוליעב איך. מיין נשמה איז ניט מעהר ווי אַ שפּיעגעל, וואָס דאַרף אָב־שפּיעגלען אייערע ליידען און פרייד'ען. גוט, לאָז זיין אַזוי! איך וויל מיך דעריבער ווענדען צו איינעם פון איך און רעדען בזה הלשון:

„מיין ליעבער ברודער, דו ווייסט, איך לעב נאָר צוליעב דיר. זאָג, וואָס איז דיין האַרצענס בעגעהר? קיין קרבן וועט פאַר מיר ניט זיין שווער צו דערפילען דיין וואונש. זאָג, אפשר ציעהט דיך צו דער וויסענשאַפט און דו האָסט ניט קיין מיטלען צום שטודי־רען? אפשר ווילסטו ווערען אַ פּראָפעסאָר? זאָג — איך וועל אַלע מיינע כחות אָנווענדען, ווי אַ שקלאַף זיך רייסען אויף דער ארבייט, נאָר דו זאָלסט האָבען וואָס דו דאַרפסט.“

וואָס וועט ער מיר ענטפערען? ער וועט זאָגען:

„מיין ליעבער ברודער, פערגעס ניט, איך בין אויך אַ מענש ווי דו, איך וויל אויך דורכפיהלען דעם העכסטען גליק פון יסורים פאַר דעם אַנדערן. איך — אַ פּראָפעסאָר? לעב איך דען צוליעב זיך? איך לעב דאָך נאָר צוליעב דיר! זאָג: אפשר ווילסטו ווערען דער פּראָפעסאָר, וועל איך אָנשטרענגען מיינע כחות און אויס־געהן טראָפּענווייז פאַר דיין גליק“....

איהר פערשטעהט שוין די לאַגע? מיין לעבען דאַרף, לויט טאָלסטאָי, זיין אָנגעפילט נאָר מיט זיין לעבען. אָבער זיין לעבען איז ניט מעהר ווי אַ ליידיגע כלי, וואָס וואַרט, זי זאָל אָנגעפילט ווערען פון מיין לעבען.

איהר האָט געוויס ווען עס איז געזעהן אין אַ צימער צוויי שפּיעגלען, וואָס הענגען פּונקט איינער אַנטקעגען דעם אַנדערן. דער ערשטער שפּיעגעל שפּיעגעלט אָב דעם צווייטען שפּיעגעל, און דער צווייטער שפּיעגעל שפּיעגעלט אָב דעם ערשטען שפּיעגעל און די אבשפּיעגלונג פון דעם צווייטען שפּיעגעל אין דעם ערשטען שפּיע־געל, וואָס שפּיעגעלט אין זיך אָב די אָבשפּיעגלונג פון דער אָבגע־שפּיעגעלטער אָבשפּיעגלונג, וואָס ווערט אָבגעשפּיעגעלט אין אַ ניי־ער אָבשפּיעגלונג, און אַזוי ווייטער, און אַזוי ווייטער, — צוויי אונ־ענדליכע ציילען פון אָבשפּיעגלונגען, וואָס שפּיעגלען אָב — זייער אַלעמענס וויסטקייט!

כדי איך זאָל קאָנען לעבען צוליעב יענעם׳ס לעבען, דאַרף

יענעמ׳ס לעבען ניט נאָר זיין א ליידיגע אָבשפּיעגלונג פון מיין ליידיגען שפּיעגעל; עס דאַרף פערמעגען עפּעס, וואָס האָט א ווערטה אין זיך גופא, ניט נאָר דעם ווערטה, וואָס ער קאָן עס אין יסורים של אהבה אָפּפערן פאַר מיר, — עפּעס אזוינס, צוליעב וואָס איהם זאָל זיך לוינען צו לעבען פאַר זיך אליין, און ניט צוליעב מיר. ערשט יעמאָלט קאָן מיין נשמה אָבשפּיעגלען יענעמ׳ס ווערטה און ברענגען קרבנות צוליעב איהם. אבער איך בין דאָך — פון מיין זייט — אויך ניט נאָר אן „איך“. דעם צווייטען בין איך א „דו“, צוליעב וועלכען ער זאָל זיך קאָנען מקריב זיין. ממילא מוז אויך אין מיין לעבען זיין אזוינס, וואס האָט א ווערטה ניט נאָר פאַר איהם, נאָר פאַר מיר אליין, עפּעס אזוינס, צוליעב וואָס עס לוינט זיך צו לעבען פאַר זיך און ניט נאָר פאַר דעם אנדערן. דאָס הייסט, עס מוז אין א געוויסער מאָס זיין אן עגאָאיזם, כדי עס זאָל איבערהויפּט קאָנען געמאָלט זיין אן אַלטרואיזם.

דער אלטער, אָבער אייביג לעבענדער פּיכטע האָט אמאָל בעשריעבען, ווי אזוי דער „וועלט־איך“ מוז דורך די אינ־וועניגסטע לאָגיק פון זיין ענטוויקעלונג אוועקשטעלען אין זיך גופא א „ניט־איך“ אנטקעגען דעם אייגענעם „איך“. טאָלסטאָי׳ס מאָ־ראַלישע נשמה פון „ניט־איך“ מוז, געטריבען דורך דיזעלביגע אינ־וועניגסטע לאָגיק, ווידער אוועקשטעלען אין זיך גופא אן „איך“, כדי עס זאָל מעגליך ווערען א לעבען צוליעב דעם „ניט־איך“.

אָבער וואָס פאַר אן ארט „איך“ זאָל דאָס זיין?

אויף דער שאלה גיט אונז אן ענטפער ניעטצשע. דאָס זאָל זיין דיין „זעלבסט“, יענער „דבוק“ אין דיין נשמה, וואָס איז דיר טהייערער פאַר דיין לעבען. צוליעב איהם זאָל יעדער איי־נער לעבען און קעמפּפען, און העלפען אויך די אנדערע — זאָגען מיר איצטער מיט טאָלסטאָי — אין דעם שווערען קאַמפּף צוליעב דעם אייגענעם „זעלבסט“. יע! דאָס איז ניט גאָר קיין גרינגער קאַמפּף, — דער קאַמפּף פאַר דעם אייגענעם „זעלבסט“. איך וועל נעהמען גאָר א פּשוט׳ען ביישפּיעל, וואָס וועט אונז קלאָהר מאַכען דעם ענין.

אין אן אָרעמער צאָהל־רייכער פאַמיליע, אָבער א פרומער און א בכבוד׳ער, מיט גאַנץ אַלטע אנשויאונגען וועגען א חשוב׳ען

לעבען, איז דער עלטערער זוהן, דער איינציגער בעל־מפרנס, פּלוצ־לונג, ניט פאַר קיין אידיש קינד נעדאַכט, געוואָרען אַ פּאָעט. עסען און טרינקען געהט איהם מעהר ניט אין קאָפּ, די ארבייט פאַלט פון די הענד. ער געהט אום און חלומ'ט חלומות און בעזינגט זיי אין ליעדלעך. אַנשטאַט צו געהן אין מארק, דערשמעקען עפּעס אַ פּרנסה, לויפט ער גאַר אין וואַלד, אָדער בעהאַלט זיך אויפ'ן בוידעם מיט זיינע ביכלעך און פּאַפּירלעך. ווייטע ווע לטען ציהען איהם צו זיך, אַוועק וויל ער פון דער היים, וואו איהם איז אַזוי ענג, וואו מען פערשטעהט איהם ניט, וואו מען לאַכט פון איהם אָדער שילט איהם מיט טויטע קללות פאַר זיין „משוגעת". אַט דער יונגער־מאַן האָט ענטדעקט אין זיך אַ „זעלבסט" — און וויפיעל קרבנות מוז ער ברענגען צוליעב איהם! זיין גאַנצע פאַמיליע, אַט די אַלע נאָ־הענטע און טהייערע, וואָס זיינען איהם אַזוי איינגעבאַקען אין הארצען, צוליעב וועלכע ער זאָל, ווי אַ טאָלסטאָיאַנער, לעבען, זיינען געגען איהם. זיין אייגענער „איך" איז געגען איהם. ווייל ווי נאָר ער ווארפט אַוועק זיין „נארישקייט", אַזוי ווארט אויף איהם אַ רייכער שדוך, מיט אַ דיקער, געזונטער כלה, — ממש אַ טיראָלער בהמה, — מיט אַ סך נדן, מיט אַ שמאַלץ־גרוב פון כל־טוב אין דעם מילנער'ס שטוב.... און זיין „איך" פערשטעהט גאַנץ גוט, אַז דאָס אַלץ איז גאָר ניט קיין שלעכטער משא ומתן. אָבער ער פערשטעהט אויך גאַנץ גוט, אַז ווען ער זאָל נאָכגעבען די אינטערעסען פון דעם עגאָיסטישען „איך". אַזוי מוז ער אריינטרעטען אין שטויב זיין אייגענעם „זעלבסט". וואָס זאָל ער טהאָן?

אָי, ווי מען דארף דאָ האָבען אַ שטיק פון ניעטצשע'ס גזלנ'י־שער הארץ, כדי אויסצושטעהן אַלע נסיונות! די „טיראָלער בהמה" מיט דער שמאַלץ־גרוב איז נאָך ווי עס איז. אָבער — די אייגענע און טהייערע? ווי פערלאָזט מען זיי אויף הונגער און נויט? ווי בייט מען אוים זייער צער און דעם אייגענעם צער אויף יסורים און לייד אין דער פרעמד? מען דארף פּשוט זיין אַ גזלן, אַזוינס צו טהאָן.....

„זיי אַ גזלן!" — שרייט ניטצשעאַניש אין הארצען דאָס איי־גענע „זעלבסט". אפּפער ניט נאָר מיט דעם שמאַלץ־גרוב, אָפּפער אויך מיט דעם בעסטען, וואָס דיין נשמה פערמאָגט: דיין ליעבע

און רחמנות צו די אייגענע און טהייערע, — ווייל — און דאָס זאָגען שוין מיר, אַנשטאָט ניעטצשע'ן, — ווייל דו האָסט ניט נאָר פליכטען צו די אַנדערע, דו האָסט פליכטען צו דיין איינענעם „זעלבסט“. די פּאָעזיע איז אַ צווייג פון דער מענשליכער קולטור. און אַלע צווייגען פון דער מענשליכער קולטור זענען געוואַקסען, האָבען זיך אַרויסגעריסען פון אַ ניעדריגערער מדרגה צו אַ העכערער, נאָר דורך דעם „דבוק“, נאָר דורך דער הייליגער „משוגעת“, וואָס איז אַריין איז דעם מענשענס האַרץ און האָט אַריינגעשלונגען אין זיך אַלע געדאַנקען און פעהיגקייטען פון דעם מענשען. די ליידענשאַפט צו די קולטור־גיטער פון דער מענשהייט, — וויסענשאַפט, טעכניק, פּאָעזיע, קונסט, פילאָסאָפיע, אַרבייט לטובת הכלל, — איז אַ מענשליכע ליידענשאַפט און איהרע יסורים, — די „חבלי לידה“ און די ליידען, מיט וועלכע די סביבה איז מזכה דעם געבאָרענעם העלד, — זיינען הייליגע יסורים, וואָס שטעהען אַקוראַט אַזוי הויך ווי די יסורים של אהבה פון טאָלסטאָי. דער מענשליכער פּראָגרעס אין אַלע זיינע צווייגען, די ליידענשאַפט צו די קולטור־גיטער פון דער מענשהייט זענען יענס עפּעס אין דעם לעבען פון דעם מענשען, וואָס פילען עס אָן מיט אַן אינהאַלט און מאַכען ערשט מעגליך די מסירת נפש פאַר דעם אַנדערען. צווישען טאָלסטאָי און ניעטצשע, צווישען דעם „יוצר טוב“ און דעם „יצר הרע“ איז דאָ ניטאָ קיין ברעקעל ווידערשפּרוך. אָהן דער ליעבע צו דעם צווייטען איז די נשמה, ווי אַ כלי אָהן אַ דעק. אומזיסט זוכט איהר זי אָנצופילען מיט „טיראָלער בהמות“ און אפילו מיט פּאָעזיע און קולטור, דאָס אַליץ ווערט פערשלונגען דורך דעם שוואַרצען אַבגרונד, דער „אימת מות“. דער „ואהבת לרעך“ איז די דעק, וואָס מאַכט, אַז אייער נשמה זאָל קאָנען אַריינגעהמען אין זיך אַן אינהאַלט, אַז דער שוואַרצער אַבגרונד זאָל פערשווינדען. אָבער אויב איהר בלייבט שטעהן ביי דעם „ואהבת“, בלייבט דאָס גאַנצע מענשליכע לעבען לעדיג ווי אַ לעדיגע כלי, ווי אַן אונענדליכער צייל פון שפּיעגלען, וואָס שפּיעגלען אָב אַלעמענס וויסטקייט. ערשט ניעטצשע פערענטפערט די פראַגע וועגען דעם אינהאַלט פון דער מענשליכער נשמה, וואָס גיט די מעגליכקייט צו לעבען אי פאַר זיך, אי פאַר דעם אַנדערן.

ווער וועט זיעגען ביי דעם פּאָעטישען יונגען־מאַן, וואָס מיר האָבען גענומען פאַר אַ ביישפּיעל: דער „גזלן" אָדער דער „מלאך" — ניעטצשע אָדער טאָלסטאָי? לאָז זיין, אַז דער „גזלן" האָט גע־זיעגט, און דער יונגער־מאַן האָט זיך אַ לאָז געטהאָן אין די וויטע וועלט... ער איז באמת געוואָרען אַ פּאָעט. אָבער — אַך! אויף אונ־זער זינדיגער ערד איז אַפילו אַ הימעלשער פּאָעט ניט פריי פון מענשליכע בעדערפניסען. אויך אַ פּאָעט דאַרף האָבען וואָס צו עסען, און אַ שיך, און אַ קלייד, ווען ער איז אַפילו פריי פון די הוצאות פאַר'ן באַרביערער. אויף די אַלע נישט־ווערטהיגע קלייניג־קייטען דאַרף מען האָבען געלד, און די בעלי־בתים פונ'ם געלד זיי־נען די קאַפּיטאַליסטען. צו זיי מוז ער טראָגען זיין האַרץ, זיין „זעלבסט", ווי אַ סחורה אויפ'ן מאַרק... נאָך אַ צאַפּעלדיגע, אַ בלוט־טריעפענדע ליעגט זיין האַרץ ביי דעם קרעמער אויף דער שמו־ציגער וואָג און דער קרעמער וועגט זי און בעטאַפּט זי מיט די שמו־ציגע פינגער, און קווינקעלט זיך, און זאָגט:

„אייער האַרץ, ליעבער פריינד, איז נאָך צו פ ר י ש. אויף פרישע הערצער זיינען איצטער נימאָ קיין בעלנים. זי דאַרף זיין אביסעלע צוגעלעגען, אביסעלע, איך בעט איבער אייער כבוד, מיט אַ ריח... און אפשר טאַקע מיט אַ שטאַרקען. די, וואָס שוין גאָר גאָר צופוילט, ווערען ממש צוצוקערט. לאָזט זי דערווייליע, יונגער־מאַן, ביי מיר, זי וועט שוין דאָ בעקומען דעם נויטיגען גערוך"...

וואָס זאָל דער יונגער־מאַן טהאָן? אנטקעגען דער מאַכט פון דעם קאַפּיטאַליזם העלפט שוין ניעטצשע'ס „גזלנות" אויך ניט. אַן אַנדער „גזלנות" דאַרף זיך פאַנאַנדערברענען אין אונזער ברוסט: די ר ע וואָ ל וציאָ נ ע ר ע „ג ז ל נ ו ת" פון אונזער דריטען דענקער, פון קאַרל מאַרקס!

וואָס איז די פּעולה פון אַלע אונזערע מאָראַלישע פּרעדיגטען, פון אַלע ריכטיגע וועגען צו דעם מענשליכען „העכסטען גוט", אַז די גרויסע מאַסען זענען נאָך דאָס רוב בבחינת אָקסען און פיה, וואָס נויטיגען זיך ניט און בענקען ניט נ אָ ך אַ מ ע נ ש ל י כ ע ן לעבען, אין זיי. די גרויסע מאַסען, די אַרבייטער, די בעלי־בתים, זענען די אמת'ע הערשער איבער דעם מענשליכען גורל! וואָלט דער מענשליכער אידעאַל זיך אָבשטעלען ביי טאָלסטאָי און ניעטצשע,

וואָלט ער געמוזט בלייבן שטעהן ביי אַ וואַנד: ביי דעם טעמפּען פערשטאַנד און דעם פערגליוווערטען ווילען פון די מאַסען, — די בעלי־בתים, וואָס בעהערשען דאָס לעבען.

צום גליק איז אויף די בעלי־בתים דאָ נאָך אַ גרעסערער בעל־הבית, — די געזעלשאַפטליכע פאָרמען פון דעם לעבען, און אויף יענע געזעלשאַפטליכע פאָרמען איז דאָ נאָך אַן אויבערהאַר: דער רעוואָלוציאָנערער סאָציאַלער פּראָגרעס, וואָס זאָל איבערבייטען די אַלטע געזעלשאַפטליכע לעבענס־פאָרמען און צושלאָגען די טעמפּקייט און פערגליווערטקייט פון דעם איצטיגען מענשען. אָט צו דעם רעוואָלוציאָנערען אויבער־האַרר רופט אונז מאַרקס, — צוליעב איהם זאָלען מיר לעבען, זיין אַרבייט זאָלען מיר פריידיג טהאָן.

און ווען זיין אַרבייט וועט געטהאָן ווערען, — ווען די דאגת היונה וועט אַראָב פון דעם איינצעלנעם און וועט פערענטפערט ווערען דורך דעם האַרמאָנישען צונויפווירקען פון דעם גאַנצען כלל, — ערשט יעמאָלט וועט דעם מענשענס נשמה ווערען מסוגל אין גאַנצען אַריינצונעהמען די העכסטע מענשליכע אידעאַלען. דער פּאָעט וועט יעמאָלט ניט דאַרפען לאָזען זיין האַרץ אין קראַם, „ביז זי וועט קריגען דעם ריכטיגען ריח"; און יעדער איינער וועט קאָנען פריי לעבען צוליעב זיין אייגענעם „זעלבסט" און — אין ליעבע צו די מיט־מענשען — פריידיג העלפען יעדען איינעם אין זיין שטרעבען צו דעם „העכסטען גוט".

טאָלסטאָי, ניעטצשע און מאַרקס זיינען, דעריבער, אין תוך אַריין ניט קיין הפכים. די „ירושה", וואָס זיי לאָזען אונז איבער, איז אין איינהייטליכער יושר, אויסגעאַרבייט פון די בעסטע דענקער פון דעם נייצעהנטען יאָהרהונדערט און צונויפגעפּרעסט אין זייערע דריי סיסטעמען, וואָס זענען אויף דעם ערשטען בליק אזוי פערשיידען איינס פון דעם אַנדערן.

דער צוואַנציגסטער יאָהרהונדערט נעהמט איבער די ירושה און דעם יושר אין זייער איינהייטליכקייט און גאַנצקייט. שוין הויבט איצטער אָן צו קלינגען אַ נאָמען, וואָס וועט אפשר ווערען אקוראַט אזוי פּאָפּולער אין די יונגע יאָהרען פון אונזער יאָהרהונדערט, ווי די נעמען פון די דריי איז געוואָרען פּאָפּולער אין די לעצטע יאָהרען פון דעם פאָריגען. איך האָב דאָ אין זינען מ אָ ר י ס

מ ע ט ע ר ל י נ ק. שוין מעטערלינק, ווי נאָך אנדערע דענקער פון זיין דור, האָבען געטהאָן דאָס, וואָס דער צוואַנציגסטער יאָהרהונ־דערט האָט געדאַרפט טהאָן מיט דער גייסטיגער ירושה פון דעם נייענצעהנטען : זיי האָבען אין זייער מאָראַלישער וועלטאַנשויאונג פעראייניגט דעם „יושר" פון טאָלסטאָי „א ו ן" דעם יושר פון ניעטצשע „א ו ן" דעם יושר פון קאַרל מאַרקס.



# וועגען לעאניד אנדרעיעוו'ס „אנאטעמא"

חברים און פריינד!

איידער איך וועל איבערגעהן צו מיין אייגענטליכער טהעמע, ערלויבט מיר צו מאכען א פּאָר קליינע הקדמות.

קודם כל וויל איך זאָגען א פּאָר ווערטער וועגען אנדרעיעוו'ס שאַפען בכלל.

א סך מענשען מיינען נאָך עד היום, אז דער גלאַנץ און די גרויס פון דער רוסישער ליטעראטור האָט זיך געענדיגט מיט די קאָריפעען פון דער רוסישער בעלעטריסטיק: די טורגעניעווס, דאָסטאָיעווסקיס, טאָלסטאָיס; אז נאָך זייער טויט האָט דער רוסי־שער גייסט שוין ניט ארויסגעבראכט קיין איין גאון, וואָס זאָל זיך קאָנען מעסטען מיט יענע „גדולים". אויף די צעהנדליגער נייע טאַלאנטען, וואָס האָבען ארויסגעשפּראָצט אין דעם משך פון די אכציגער און ניינציגער יאָהרען און וואָס הערען ניט אויף צו בע־וויזען זיך ביז אויף דעם היינטיגען טאָג, האָט מען געקוקט ווי אויף קליין־געוויקס, וואָס בעדעקט דעם באָדען, אויף וועלכען עס שטעהען יענע ריעזען, — א קליין־געוויקס, וואָס ווערט אין גאַנ־צען בעהאַלטען אין דעם שאָטען פון די גרויסע.

דאָס איז א געוואַלטיגער טעות, און דער טעות האָט זיך גע־נומען דערפון, וואָס קיינער פון דעם יונגוואַרג איז ניט ארויס־געטרעטען גלייך פון דעם ערשטען מאָל מיט אזעלכע ווערק, וואָס זאָלען זיין אבסאָלוט ניי און זאָלען איבערלאָזען אזא שטארקען רושם, ווי דאָס האָבען געטהאָן דאָסטאָיעווסקי'ס „אָרעמע מענ־שען", טורגעניעוו'ס „כתבים פון א יעגער", טאָלסטאָי'ס „קינד־הייט און אינגעלשע יאָהרען". דאָס „יונגוואַרג" איז געקומען מיט שעהנינקע קלייניגקייטען, מיט סמנים פון אמת'ען טאַלאנט, אָבער

אין זייער שאַפען איז נאָך געווען ניכר די השפעה פון די גדולים, פון וועמעס מאַכט זיי האָבען זיך ניט געקאָנט בעפרייען. אין בעס־טען פאַל האָט מען בעמערקט אין זיי טאַלאַנטען פון דרוזעלביגער אַרט וואָס ביי די גרויסע, נאָר פון אַ סך אַ שוואַכערען גראַד. אָבער אין דער צייט, וואָס מיר האָבען אַלץ ניט געקאָנט אָבררייסען אונזער אויג פון די הויכע, שלאַנקע, פיעל־צווייגיגע בוימער, איז זיך דאָס „קליינוואַרג" געוואַקסען אויף זיין אייגענעם שטייגער און איינצעלנע פון איהם זיינען געוואָרען אַלץ העכער און דיקער און צווייגיגער. ביז דער דור, וואָס איז גייסטיג אויפגעוואַקסען מיט זיי אין איינעם, האָט פלוצלונג בעמערקט, אַז זיי זענען שוין „מיט לייטען גלייך" און אַז זיי דאַרפען ביי זיך בשום אופן ניט אַראָבפאַלען פאַר די בעוואונדערטע גאונים.

דאָס איז געוואָרען קלאָהר קודם כל וועגען טשעכאָוו'ן, וואָס די קריטיק האָט אין דער ערשטער צייט גאָר ניט פערשטאַנען „מיט וואָס מען עסט איהם", דערנאָך איז גאָרקי דערהויבען גע־וואָרען צו דער מדרגה פון אַ גאון. אמת, איצטער געהט אָן אַ היבשע פלוגתא צווישען די תנאים פון דער קריטיק מכח גאָרקי'ן. אַ טייל וויל האָבען, אַז זיין גרויס און בעריהמטקייט האָט ער צו פערדאַנקען ניט דעם אייגענעם טאַלאַנט, וואָס איז בעצם פון אַ גאַנץ מיטעלען וואוקס, נאָר דעם רעוואָליוציאָנערען גייסט, וואָס האָט גראַד איהם אויסגעקליעבען פאַר זיין נביא און האָט איהם אַרויסגעשטופט אין פראָנט. אויס רעוואָליוציע — אויס גאָרקי! — מיינען איצטער זיינע פערקלענערער. פון דער אַנדערער זייט ווייזען אַנדערע אויף די א י ב י ג ע געשטאַלטען און לע־בענס־בילדער, וועלכע ער האָט געשאַפען, און קאַווירען איהם אַ בכבוד'ען פלאַץ אין דעם פאַנטעאָן פון דער רוסישער ליטעראַטור גלייך לעבען טורגעניעוו, דאָסטאָיעווסקי, טאָלסטאָי און טשעכאָוו.

און עס מעהרען זיך איצטער שטימען, וואָס זאָגען מיט רעכט, אַז אויב גאָרקי'ן קומט אַזאַ בכבוד'ער פלאַץ, איז שוין אַנדרעיעוו'ן אודאי און אודאי.

איך קאָן דאָ מיך ניט אריינלאָזען אין דעם סכסוך פון דער רוסישער קריטיק. דאָס וואָלט אונז פערוויקעלט אין אַ נעץ פון ריין ליטעראַרישע אַנאַליזען. איך וויל מיך דאָ בענוגענען מיט אַ

פּאָר בעמערקונגען, וואָס האָבען, פערשטעהט זיך, ניט די פּרע־טענזיע אויסצודריקען דעם אַבסאָלוטען אמת. זיי זענען ניט מעהר, ווי מיין פּערזענליכע מיינונג וועגען דעם ליטעראַרישען ווערטה פון די דריי גרויסע „יונגע“: טשעכאָוו, גאָרקי און אַנדרעיעוו, ווען מען פערגלייכט זיי מיט די קאָריפּעען.

אויב איך האָב ניט קיין טעות, האָט נאָר טשעכאָוו׳ס נאָמען באמת אַ רעכט דערמאָהנט צו ווערען „בנשימא אחת“, אין איין אָטהעם, מיט די נעמען פון טאָלסטאָי, דאָסטאָיעווסקי און טור־געניעוו, — אָבער ניט גאָרקי׳ס. ניט גאָרקי׳ס דערפאַר, ווייל ער איז צו פאַרבענרייך, צו זוניג. דאָס קלינגט אַ ביסעל ווי דער חסרון, וואָס „די כלה איז צו שעהן“. מען דאַרף אָבער ניט פער־געסען, אַז ווען „די כלה איז צו שעהן“ — קאָן עס אפשר זעלטען־ווען שאַדען צו אַ שדוך, אָבער דאָס קאָן אָפּטמאָל גאַנץ געוויס ווערען אַ בעדייטענדער חסרון אין דער קונסט. די כלה, וואָס איך מיין דאָ, איז דאָס לעבען און די איינדרוקען פון לעבען, מיט וועלכע דער קינסטלער איז פול און וועלכע ער רופט אין אונז ארויס. גאָרקי האָט געוויס אַ חוש אויף פאַר די טונקעלע זייטען פון דעם מענשליכען לעבען און איז בעקאַנט אויך מיט אַ סך פינ־סטערע אָבגרונדען אין דעם מענשען׳ס ברוסט. אָבער זיין נשמה ווערט מעהר צוגעצויגען צו די ליכטיגערע, צו די זונען־מענשען, וואָס פערקערפּערן אין זיך, יעדערער פּיצלעכווייז, — דעם אידעאַל פון זיין הארצען. און גראָד דאָ, אין דער שילדערונג פון זיינע ליעבלינגס־פיגורען, אין וועלכע גאָרקי האָט אויסגעשפּרייט זיין טאַלאַנט אין זיין גאַנצער גרויס, איז לייכט צו בעמערקען זיין שוואַכקייט: ער איז צו סוביעקטיוו, זיינע פליגלען קאָנען איהם ניט אויפהויבען העכער, איידער דאָס לעבען און די איהם ליעבע מענשען, וועלכע ער מאָלט. איהר בעמערקט, ווי ער קוועלט פון זיי אָן, איהר פיהלט, אַז ער איז ניט נאָר זייער מאָלער, נאָר אויך זייער אַדוואָקאַט. ווי ווייט גאָרקי זאָל ניט אָבשטעהן פון יענער אַלטער, שוין לאַנג פערשימעלטער קונסט, וואָס האָט ארויסגע־פיהרט „העלדען“, כדי מען זאָל זיך אראָבנעהמען אַ מוסטער פון זיי, — אין איהם איז דאָך געבליעבען אינוועניג אַ שטיק העל־דען־דיכטער, און זיינע גרעסערע ווערק זענען ניט פריי פון

העלדען־ראָמאַנטיק, — אַ זאַך וואָס איהר וועט קיינמאָל ניט גע־פינען ניט ביי דאָסטאָיעווסקי׳ן, ניט ביי טורגעניעוו׳ן און טאָל־סטאָי, אַ פּשיטא שוין ניט ביי טשעכאָוו׳ן. ביי זיי, ביי אַלעמען זענען געווים דאָ פיגורען און לעבענס־מאָמענטען, וואָס זענען זיי טהייערער, איידער אַנדערע, און דעריבער מאָלען זיי זיי אויס מיט גרעסערער ליעבשאַפט און וואַרעמקייט. אָבער אפילו די שעהנ־סטע געשטאַלטען און די פּרעכטיגסטע לעבענס־מאָמענטען ווערען געשילדערט מיט אַלע זייערע פעהלערען, מיט אַלע חסרונות און קליינליכקייטען, אַקוראַט אַזוי, ווי דאָס קומט פאָר אין דעם ווירק־ליכען לעבען.

אין דערינען דריקט זיך אויס יענער וויכטיגער כאַראַקטער־שטריך, וואָס מאַכט די גרויסע רוסישע קינסטלער צו אַ גאַנץ בע־זונדער ערשיינונג אין דער וועלט־ליטעראַטור, וואָס האָט צו זיך ערגעץ קיין גלייכען ניט. אין יעדען פון זיי לעבט אונבעוואוסט אַ בענקשאַפט נאָך פאָלקאָמענהייט, נאָך אַבסאָלוטער שעהנקייט און האַרמאָניע, און אין דערזעלביגער צייט האָבען זיי אַ שאַרף און ניכטער אויג, וואָס לאָזט זיך פון קיין זאַך ניט פערבלענדען, וואָס זעהט יעדען שפּרינקעלע אויף דער קלאָרסטער און ריינסטער זאַך. דער רעזולטאַט פון די צוויי עלעמענטען, דעם אידעאַל, וואָס לעבט אין האַרצען, און דער ווירקליכקייט, וואָס שטעהט פאַר די אויגען, איז אַלעמאָל ביי זיי אַ געוויסער ציכטיגער, עניוות׳דיגער אומעט, וואָס ליעגט אין אַ גרעסערער אדער קלענערער מאָס אויף דעם גרונד פון זייער נשמה. אין יעדען שטריך, וואָס זיי מאָלען, אין יעדען פיהר מיט׳ן פּענזיל זייערען פיהלט איהר, אַז מען גיט אייך איבער ניט נאָר דעם אינ־האַלט פון מענש און לעבען, נאָר אויך זייער גרעניץ, זייער מהלך פון דעם אונענדליכען אידעאַל. דער אידעאַל ווערט, פערשטעהט זיך, ניט געשילדערט אין ווערטער, אפילו ניט אָנגע־טייט מיט אַ „ודי לחכימא“, אָבער איהר שפּירט איהם אין יענעם לייכטען, דורכזיכטיגען נעפּעל פון בענקשאַפט, וואָס טראָגט זיך אַרום יעדען ווערק פון די גרויסע רוסישע קינסטלער. אין דערינען ליעגט זייער צויבערקראַפט אויף דער נשמה פון יעדען מענשען. אין דעם פּרט פון ציכטיגער, עניוות׳דיגער טרויעריגקייט, וואָס לאָזט

אונז אַריינבליקען אין דעם תוך פון מענש און לעבען און אין דער זעלביגער צייט מאַכט אונז אונבעוואוסט פיהלען זייער מהלך פון דעם אידעאַל, שטעהט טשעכאָוו אפשר נאָך העכער, איידער זיינע פאָרגעהער. אָבער איהר וועט קיין שמץ דערפון ניט געפינען אין גאָרקי׳ס שאַפען.

נו, און אַנדרעיעוו? — עס איז ניט לייכט פאַרטיג צו ווע־רען מיט דעם ענטפער ווענגן איהם.

די צרה מיט אַנדרעיעוו׳ן איז, וואָס מיר האָבען ניט איין אַנדרעיעוו׳ן, נאָר עטליכע. אין איינינע פון זיינע ווערק, ווי אין זיין „שווייגען“, „דאָס לעבען פון וואסילי פיוויסקי“, „דער גו־בערנאַטאָר“, „די זיעבען געהאַנגענע“, איז ער אַ בענאַבט קינד פון יענער גרויסער משפחה. אויך ער האָט די גאָב צו מאָלען דעם מענשען און דאָס לעבען מיט יענער ציכטיגער עניוות, אין וועל־כער עס איז איינגעוויקעלט די בענקשאַפט נאָך דעם אונענדליכען. דעם אַנדרעיעוו קאָן מען גאַנץ זיכער, ניט געקווינקעלט אַ מינוט, אוועקשטעלען אין איין שורה מיט די רוסישע גדולים.

אָבער אָט איז נאָך אַן אַנדרעיעוו, דער אַנדרעיעוו פון דעם „רויטען געלעכטער“ און דער „וואַנד“, דער אַנדרעיעוו פון צייהן־קריצעניש און האָר־רייסעניש, מיט די משוגענע האוואיעס פון אַ בעל־שם, וואָס וויל אַרויסטרייבען אַ דבוק, — אַנדרעיעוו דער „שאַמאַן“, וואָס וויל בעשווערען אַלע בייזע רוחות און פאַנאַנדער־טרייסלען די זיילען פון דער בעשאַפונג. דאָ איז שוין קיין שפור ניטאָ פון ציכטיגע עניוות. און די גרעסטע צרה דערביי איז, וואָס איהר קוקט צו צו זיין ווילדען וואַרפען זיך מיט אַ קאַלטבלוטיגען געמיטה, מיט ווענינ צוטרויענדע אויגען. אייך דוכט זיך, אַז ער וויל אין זיך אַליין אַריינטרייבען אַ דבוק, אָדער נאָך ערגער: איינשמועסען אונז, אַז דער דבוק זיצט שוין אין איהם, בעת די אויגען זיינע זענען נאָך גאָר ווי ביי אַ „קלאָהרען“ און דער הייזע־ריגער קרעהען זיינער איז ניט מעהר ווי „געמאַכט“. דעם אַנ־דרעיעוו׳ן האָב איך קיין מאָל ניט פערשטאַנען און איך זאָג מיך אָב איהם צו פערשטעהן. דאָס הייסט: די געדאַנקען זיינע, וואָס ער וויל אַרויסברענגען מיט זיין פער׳עקשן׳טען שלאָגען זיך קאָפּ אָן דער וואַנד, איז גראָד ניט אַזוי שווער צו פאַנאַנדער־

שיפריערען. אָבער אַז איהר שיפּירירט זיי פאַנאַנדער, געפינט איהר, אַז ער האָט אייך ניט מיטגעטהיילט קיין איינציגען נייען „סוד“, ניט צוגעגעבען קיין איינציגען נייען שטריך צו די אור־אַלטע וועלט־סודות, — צו די סודות פון מענשליכען לעבען און טויט, — וואָס פּייניגען זיין מוח. און איהר פרעגט זיך: צו וואָס האָט ער געדאַרפט דעם גאַנצען, אַזוי משונה'דיג געקינסטעל־טען שיפר? סימבאָליש אויסצומאָלען, צו איללויסטרירען די גרויסע רעטענישען? איבערזעצען די ערנסטע, טיעפע שאלות פון דעם מענשליכען שכל און געפיהל אין די ווילדע קולות פון דער משוגע געוואָרענער פאַנטאַזיע? ס'וואָלטען אפשר דערפון אַרויס זעהר וויכטיגע קינסטלערישע ווערק, וואָס טראָגען אין זיך ניט קיין קלענערע זאַך, ווי דעם שטרענגען משפט איבער דעם גאַנצען מענשליכען גורל, ווען נאָר ניט דער חסרון זייערער, וועלכען איך האָב שוין בעריהרט: זייער געקינצעלטקייט און אויפגעבלאָזענ־קייט, דאָס, וואָס אַנדרעיעוו'ס געוואַלדעווען נעהמט אונז ניט, וואָס זיינע אויסגעשרייען גרילצען נאָר אין די אויערען און דרינגען ניט אַריין אין הארצען, ווען אַפּילו אויך אין אונזערע הערצער האָבען זיך צונויפגעפּרעסט שרעקען פון פינסטערנים און זיי וואָל־טען זיך גרייליך געוואָלט אַרויסרייסען אין אַן אימה'דיגען אויס־געשריי...

צום גליק האָבען מיר אַ דריטען אַנדרעיעוו, וואָס איז שוין ניט גלייך צו די ערשטע צוויי: דער אַנדרעיעוו, וואָס האָט אָנ־געשריעבען אונזער „אַנאַטעמאַ“ און נאָך פריהער — אַ ווערק, וואָס איז זעהר נאָהענט צו איהם: „דאָס לעבען פון אַ מענשען“. אין „אַנאַטעמאַ“ און עהנליכע ווערק איז אַנדרעיעוו'ס טאַלאַנט אַ מין צונויפגוס פון זיינע צוויי פריהערדיגע אַרטען: פון דעם אָביעקטיווען פערטיעפען זיך אין די איינצעלנע בילדער פון לעבען און די איינצעלנע נשמות פון די מענשען, ווי אַ טאָלסטאָי און אַ דאָסטאָיעווסקי, און פון דער אַנדער זייט — פון דעם סוביעק־טיווען פראָטעסט אַנטגעגען די צרות פון לעבען בכלל, פון דעם גזר־דין און דעם משפט איבער דעם גורל פון דעם מענשליכען לעבען. דערהויפּט אין „אַנאַטעמאַ“. דאָ זענען די צוויי זייטען פון אַנדרעיעוו'ס שאַפען אַזוי ענג צונויפגעוואַקסען אין איינעם,

אַז זיין טאַלאַנט טרעט ערשט דאָ אַרויס, ווי אַ נייע, דורכאויס אָריגינעלע ערשיינונג און ציהט צו אונזערע הערצער מיט אַ נייעם, זיין אייגענעם חן.

ווי די ווערק פון דעם „שאַמאַניש“־שרייערישען טיפּ, בע־שטעהען זיי אויך אין גרונד פון פילאָסאָפיש־מעטאַפיזישע סימ־באָלען, אָבער די סימבאָלען זענען דאָ צונויפגעגאָסען מיט רעאַ־ליסטישע לעבענס־בילדער. דער דענקער וועגען דעם לעבען בכלל געהט דאָ האַנד אין האַנד מיט דעם מאָלער פון דעם לעבען'ס איינ־צעלהייטען. עס קאָן זיין, אַז אין דערינען ליעגט טאַקע דער כשוף פון אַזעלכע ווערק, וואָס זיי רעדען צו דערזעלביגער צייט אי צו אונזער עסטהעטישען כח הדמיון, אי צו אונזער אויפגערודערטען שכל. און בעת דער כח־הדמיון קוועלט אָן פון דעם עסטהעטישען נהת, וואָס ער האָט, ווייל ער זעהט פאַר זיך דאָס פולע לעבען, אויסגעדריקט אין אַ קורצען בילד, הערט דער געדאַנק ניט אויף צו צאַפּלען זיך אין די נעצען פון יענעם רעטעניש, וואָס אַנדרעיעוו וויקעלט פאַר איהם פאַנאַנדער אין דעם גאַנצען ווערק.

אויך „אַנאַטעמאַ“ איז, ווי יעדעם סימבאָלישע ווערק, אַ קונ־ציגע שיפריר־אַרבייט. אָבער זיין פאַנאַנדער־שיפרירען קומט ניט אָן אַזוי לייכט, און ווען די אַרבייט ווערט שוין געטהאָן און דער געדאַנק — אָדער דער סכום פון געדאַנקען — ווערט אַרויס־דעסטילירט פון די איינצעלנע בילדער, — האָט מען יעמאָלט פאַר זיך ניט נאָר אַן אַלטען־אַלטען פסוק, מיט וועלכען מען איז שוין בעקאַנט געוועזען פון לאַנג, נאָר אויך אַ נייע „גירסא“ פון דעם פסוק, וואָס שטעלט איהם — דעם פסוק מיין איך — אַוועק אין אַ גאַנץ אַנדער ליכט.

דורך אַזעלכע ווערק ווי „אַנאַטעמאַ“ האָט אַנדרעיעוו אין דער רוסישער ליטעראַטור פערנומען אַ גאַנץ אייגענעם פּלאַץ. דורך די גרויס און די רייכקייט פון זיין טאַלאַנט, גאַנץ נאָהענט צו טאָלסטאָי און דאָסטאָיעווסקי — און נאָהענט זיין צו זיי ביידען איז, ווי איהר פערשטעהט אַליין, גאָר ניט קיין קליינער שבח, — וואַקסט ער זיי ביידען אַריבער דורך די ריכטונג פון זיין טאַלאַנט און די אויפגאַבע, וואָס ער שטעלט זיך אַוועק — צו מאָלען די גרונד־פּראָבלעמען פון דעם פילאָסאָפישען און רעלי־

גיעזען דענקען, יענע פּראָבלעמען, וואָס זענען אַזוי וויכטיג פאַר דעם מענשען.

וואָלטען די דריי אַנדרעיעוו'ס, וואָס איך האָב נאָר וואָס געשילדערט, געווען אָבגעטהיילט איינער פון דעם אַנדערען אין דער צייט; וואָלטען זיי אין לעבען ארויסגעטרעטען איינער נאָך דעם אַנדערן אין יענעם סדר, ווי איך האָב זיי געשילדערט, וואָלט איך מיר יעמאָלט לייכט געקאָנט דערקלעהרען די ע נ ט וו י ק ע ־ ל ו נ ג פון אַנדרעיעוו'ס שאַפען.

אויסגעפּרובט זיין „דאָסטאָיעווסקי" אין אַזעלכע מייסטער־ווערק, ווי „דאָס שווייגען" אָדער די „פינסטערניס"; דורכגע־שפּירט אין זיך די קראַפט פון אַ טאָלסטאָי אין די „זיעבען גע־האנגענע", דוכט זיך אויס אַנדרעיעוו'ן, אַז ער קאָן מיט די צוויי גרויסע ארטען פון קינסטלערישען זעהען אריינדרינגען אין די אייביגע סודות פון דעם מענשליכען געדאַנק. זיין גייסט הויבט זיך אויף אין אַ ראשען פליה ביז צו די גרענעצען פון די לעצטע הימלען, דארטען, וואו עס הערשען די אייביגע אידעען. אַנגע־שטרענגט שטעלט ער אָן אויף זיי זיין קינסטלערישען בליק און דאָס, וואָס ער זעהט, וויל ער אונז איבערגעבען אין בילדער און שטימונגען. אָבער ביי די גרענעצען פון דעם מענשליכען וויסען בעווייזט זיך אויך די גרעניץ פון זיין קראַפט. די אבסטראקטע, פילאָסאָפישע אידעען און פּראָבלעמען — איהר מעגט ווי גלויבען, אַז זיי זענען ניט מעהר ווי דער אינווענינסטער תמצית פון אונ־זערע ערדישע ליידען און זאָרגען, — קוים האָבען זיי זיך אויפ־געהויבען פון אונז צו די הימלען פון דעם ריינעם געדאַנק, לאָזען זיי זיך הפנים ניט אריינפאַנגען אין דער קאַמערא אָבסקורא פון דעם קינסטלערישען כח הדמיון; און אפשר איז אַנדרעיעוו'ס קראַפט צו שוואַך פאַר אַזוינס, מיט וואָס אַ ג ע ט ה ע איז קוים פאַרטיג געוואָרען אין דעם צווייטען טהייל „פויסט". ווי די מעשה איז: אָנשטאָט בילדער פון טראַנסצענדענטאַלע אידעען זענען ביי אַנדרעיעוו'ן ארויסגעקומען קאַריקאַטורען פון איבער־אַנגעצויגענע געפיהלען, און ער האָט געמוזט זיך אַ לאָז טהאָן צוריק צו דער ערד. אָבער פליהענדיג צוריק, איז ער געקומען צו אַ שטעל, וואו די הימלען פון דעם ריינעם געדאַנק האָבען נאָך ניט אויפגעהערט,

אבער שוין האָבען גענומען דורכשימערן דורך זיי די איינצעלנע געשטאַלטען פון דער ערד, וואָס האָבען באמת א גאַנץ נייעם אויס־זעהן, ווען זייערע שטראַהלען הויבען זיך אָן איבערצוברעכען אין דער ספערע פון דעם פילאָסאָפיש־רעליגיעזען געדאַנק. בעצויבערט פון דעם נייעם אויסבליק, וואס האָט זיך אנטפּלעקט פאר איהם, איז זיין גייסט געבליעבען שוועבען אין יענע הימלישע רעגיאָנען, דורך וועלכע עס זעהט זיך די ערד. ער לאָזט זיך א מאָל אראָב ניעדע־ריגער צו דער ערד — און יעמאָלט איז אין איהם גובר דער רעאַליסט; ער גיט זיך א מאָל א ביסעל א העכערען הויב אין די הימלען — און יעמאָלט ווערט ער מעהר סימבאָליסט, — אָבער קיין מאָל געהט ער שוין ניט ארויס אין גאַנצען פון דער הימלישער אידעען־אטמאָספערע, דורך וועלכע עס שימערט דורך דאָס רעאַלע לעבען, און קיין מאָל ווערט ער ניט אונטריי צו זיין נייער קינסט־לערישער אויפגאַבע — מאָלען די רעאַלע לעבענס־בילדער אזוי, ווי זיי ווערען דורכגעבראָכען דורך דער פּריזמע פון דער פילאָ־סאָפישער אידעע.

אין דער ווירקליכקייט אָבער טויג ניט אזא דערקלעהרונג פון אנדרעיעוו׳ס ענטוויקעלונג דערפאר, ווייל די דריי ריכטונגען פון אנ־דרעיעוו׳ס שאַפען געהען ניט איינע נאָך די אנדערע, לויט דעם, טהעאָרעטיש גאָר ניט מיאוס׳ען, סדר, וואָס מיר האָבען אויפגע־צייכענט. זיי זענען ביי אנדרעיעוו׳ן כמעט אלע מאָל געוועזען און זענען נאָך עד היום צונויפגעמישט אין זיין נשמה. אָט איז ער אונז מזכה מיט א שטיק אייגען־אויסגעטראָגענעם „דאָסטאָיעווסקי“ אָדער „טאָלסטאָי“ און אָט קומט א בלענדענד שעהנער געפלעכט פון רעאַליסטיק און סימבאָליק, און אָט גיט ער אונז א שטיק צייהן־קריצעניש, האַר־רייסעניש און „קאָפּ־אָן־דער־וואַנד־שלאָגע־ניש“ און תיכף נאָכדעם — איבער א נייעם א ניי ווערק פון ריינעם רעאַליזם, אָדער פון רעאַליזם געמישט מיט סימבאָליק.

עס ווייזט אויס, אז אנדרעיעוו איז נאָך אליין ניט אין גאַנ־צען קלאָהר מכח דער טבע פון זיין אייגענעם טאַלאַנט און איז ניט אין גאַנצען צופריעדען מיט קיין איינער פון זיינע ריכטונגען. האָט ער נאָך עד היום ניט געפונען זיך אליין? וואַקסט אין איהם ערגעץ וואו אין דער טיעף נאָך א נייער אנדרעיעוו, דער אמת׳ער

אנדרעיעוו, וואָס דאַרף ערשט קומען, וועלכען ער פיהלט אין זיך, אָבער וועלכען ער קאָן נאָך ניט ארויסברענגען — און זאָל דאָס זיין די אורזאַך פון זיין אומרוהע, פון זיין אונצופריעדענקייט מיט זיין אייגענעם שאַפען? אָדער איז שוין אַזאַ טבע ביי זיין גייסט, אז ער קאָן בשום אופן ניט פערגליווערט ווערען אין אַ וועלכער עס איז איין־אייגציגער פאָרם, אז ער מוז אַלע ווייַלע בייטען זיין אויסערע געשטאַלט, אז ער האָט קיין מורא ניט ווידער אַרויפּ־צושלעפען אויף זיך די פעל פון אַ ווילדען טיגער, ווען אפילו ער וויים גאַנץ גוט, אַז ער איז אין איהר אַ סך מעהר לעכערליך, איידער שרעקליך, — אַבי ניט בלייבען אין דער פאָרם, אין וועלכער ער איז נאָר וואָס געוועזען? — ווער קאָן דאָס וויסען? און וואָס איז אין גרונד דאָס אונזער דאגה? מיר האָבען איהם צו נעהמען אַזוי ווי ער איז; און אַזוי ווי ער איז, איז ער אַ גרויסער קינסטלער, אַ טיעף פיהלענדער, וועון אויך ניט גאָר קלאָהר זעהענדער דענקער, וואָס קאָן אין אַ סך פרטים אויסהאַלטען אַ פערגלייך מיט גאָר די גרעסטע אין דער מענשליכער ליטעראַטור. געוויס וועט ניט אַלץ פערבלייבען אויף דורי־דורות פון דעם, וואָס ער האָט געשאַפען. באַלד פערדאַרען און אָראָבפאַלען וועלען, ווי איך גלויב, יענע ווערק פון דעם „צווייטען" אנדרעיעוו, וואו ער האָט זיך געפּרובט רייסען אויף גלייכע ווענד. אָבער צו די ווערק, וואָס האָבען אַ רעכט געלייענט צו ווערען און נאָך אַ מאָל איבערגעלייענט צו ווערען אויך פון אונזערע קינדער און קינדס־קינדער, געהערט בלי שום ספק אויך זיין „אַנאַטעמאַ", מיט וועלכען מיר ווילען איצטער אַ ביסעל נעהנטער בעקאַנט ווערען.

דאָס איז איין הקדמה. אָבער מיר מוזען מאַכען נאָך איינע.

„אַנאַטעמאַ", ווי איך האָב שוין בעמערקט, געהערט צו יענער ריכטונג פון אַנדרעיעוו'ס טאַלאַנט, וואו די סימבאָליק גיסט זיך ביי איהם צונויף מיט דער רעאַליסטיק. זיי זענען אַלע, ווי איך האָב שוין אויך אָנגעטייט, קונציגע שיפריר־ווערק, וואָס זיינען גאָר ניט אַזוי לייכט פאַנאַנדערצושיפרירען אין גאַנצען. איך וויל אָבער מיט דעם בשום אופן ניט זאָגען, אַז דער געדאַנק, אָדער דער סכום פון געדאַנקען, וואָס איז איינגעוויקעלט אין זיי, האָט זיך פריהער אַנטפּלעקט פאַר אַנדרעיעוו'ס שכל אין זייער ריינער פילאָ־

סאָפּישער פאָרם און דערנאָך איז אנדרעיעוו אומגעגאנגען און כסדר געטראכט וועגן דעם, וואס פאר א קונציגען שיפר פון בילדער און שטימונגען ער זאָל אויס„מוח׳ען“, כדי עס זאָל אויסקומען אי שעהן פאר דעם עסטהעטישען כח־הדמיון, אי מאגנעטיש פאר דעם פער־אינטערעסירטען געדאנק, אי — דער עיקר! — א ביסעל אינ־טריגעריש פאר דעם לעזער דורך די אויסערליכע פערפלאָנטערט־קייט און נעפעלדיגקייט פון דעם סימבאָל.

אזוי שאפט קיין איינציגער גרויסער דיכטער ניט. אזוי האָט אפשר דער „צווייטער“ אנדרעיעוו געשאפען, דער פון דעם „רויטען געלעכטער“ און דער „וואנד“, אָבער בשום אופן ניט דער פון „אנאטעמא“. וואָס מעהר איך טראכט וועגן דער ניט־קלאָר־קייט פון אנדרעיעוו׳ס סימבאָלען אין זיינע בעסערע ווערק, אלץ מעהר לעגט זיך מיר אויפ׳ן שכל אזא מין סברה.

זעלטען ווען א דיכטער׳ס געמיטה איז צו א געוויסער צייט בעפּרוכטעט נאָר מיט איין איינציגער טהעמע. דאָס רוב טראָגט די נשמה אין זיך קערענדלעך פון עטליכע טהעמעס מיט א מאָל, וואָס וואקסען זיך אלע אין איין צייט, אָפטמאָל אין דעם אונבעוואוסטען און האלב בעוואוסטען שאפען. און עס טרעפט אויך אזוי, אז בעת דער דיכטער איז בעשעפטיגט מיט דעם בע־וואוסטען אויסארבייטען פון א וועלכען עס איז קינסטלערישען געדאנק, בעת זיין „אויבערשטיבעל“ פון דעם קלאָהרען פערשטאנד איז פול פון געשטאלטען און בילדער, וואָס געהערען צו יענעם ענין, געהט אָן אן אינטענסיווע, גייסטיגע, האלב אונבעוואוסטע ארבייט אין דעם „אונטערשטען גאָרען“. דאָרטען קאָן אין דער צייט אויסגעטראָגען ווערען נאָר אָן אנדער קינסטלעריש ווערק, וואָס האָט מיט דעם ערשטען קיין ברעקעל שייכות ניט. אזוי איז ביי דוד פינסקי׳ן, צ. ב., אין גאנצען פארטיג געוואָרען „דער שטור־מער משיח“ גראָד אין יענער צייט, ווען ער האָט פיעבערהאפט געשריעבען א גאנץ אנדער דראמא. ער האָט געמוזט גיכער „אָב־פּטר׳ן“ די ערשטע ארבייט, כדי צו קאָנען מקבל פּנים זיין דעם נייעם גייסט, וואָס האָט זיך גלייך ארויסגעגאָסען אין דער פאָרם, ווי ער איז פארטיג געוואָרען אין דעם אונבעוואוסטען אָדער האלב־בעוואוסטען שאפען.

דאָרטען קאָן אָבער פאָרקומען נאָך אַן אַנדער פּראָצעס. בעת די נשמה איז פול, ווי א בעיט מיט דער זריעה פון עטליכע גע־דאַנקען מיט א מאָל, פּאַסירט אָפּטמאָל, אַז אין דעם אונבעוואוס־טען שאַפען פלאָנטערן זיך צונויף די טהעמען מיט זייערע וואָרצ־לען אָדער זייערע צווייגען. דער דיכטער פאַנטאַזירט, לאָמיר זאָגען, האַלב אונבעוואוסט וועגען די געשטאַלטען פון „די זיעבען געהאַנגענע", וואָס ליעגען נאָך אין זייער ערשטער ניט־ענטוויקעל־טער פּופּען־פאָרם, אָבער פון די געשטאַלטען וויקעלט זיך פלוצלונג ארויס א בילד, וואָס פּאַסט גאָר צו דעם טהעמע פון דער „פינ־סטערנים". אָבער דאָס אונבעוואוסטע פאַנטאַזירען בעמערקט דאָס ניט און דאָס לעצטע בילד בלייבט א לאַנגע צייט איינגעווי־קעלט אין די ערשטע. אָדער: דער דיכטער ווערט צוגעצויגען צו א וועלכער עס איז פּאַסירונג פון דעם ווירקליכען לעבען, ער ווערט נשתומם פון א נייעם שטריך אין דער מענשליכער נשמה, וועלכען ער האָט נאָך וואָס ענטדעקט. ער טראַכט זיך אין זיי אריין און ער פּיהלט אונבעוואוסט, אַז זיי האָבען א שייכות צו די טהע־מען, וואָס צייטיגען זיך אין דער שטיל פון זיין קינסטלערישען געמיטה. צו די טהעמען! אָבער צו וועלכער פון זיי? אין דעם מאָמענט וואָלט איהם זעהר שווער געווען צו ענטפערען דערויף, און ער טראַכט גאָר ניט וועגען דעם ענטפער. די נייע זעהונג אָדער דעם נייעם בעמערק שיקט ער גלייך אראָב אין דעם אונ־בעוואוסטען, ווייל דאָס „איבער־שטיבעל" איז פערנומען מיט גאָר עפּעס אַנדערש, און דאָרטען אין דער „אָראַנזשערעיע" זעצט עס זיך אָב אפשר גאָר ניט אויף דעם פּאַסענדען פּלאַץ. און אַזוי וואַקסט און פלאָנטערט זיך צונויף דער גאַנצער מאַטעריאַל, ביז איין טהעמע ווערט אין גאַנצען צייטיג. יעמאָלט הויבט זיך אָן די ארבייט אויף פון דעם קלאָהרען פערשטאַנד. ער פלאָנטערט ארויס די צייטיגע פלאַנץ פון אַלע איבעריגע, נאָך ניט פאַרטיגע, רייניגט זי אָב פון אַלע בילדער און בעמערקען, וואָס געהערען ניט צו איהר, נאָר צו אַנדערע, אָדער וואָס האָבען אפשר אין זיך אליין די קראַפט צו ווערען א זריעה פאַר א בעזונדער פּלאַנץ, און שיל־דערט זי אָב אין איהר אינדיווידועלער פּראַכט. אַזוי ווערען אויס־

געאַרבייט די קלאָהרע, שאַרף דורכגעטראַכטע מייסטער־ווערק, וועלכע מיר בעוואונדערען ביי אַ טאָלסטאָי אָדער טורגעניעוו.

עס קומט אָבער אַ מאָל פאָר, אַז אין דעם האַלב־בעוואוסטען שאַפען פון דער קינסטלערישער פאַנטאַזיע ווערען די וואָרצלען און די צווייגען פון די פערשיידענע טהעמען ניט נאָר צונויפגע־פלאָנטערט אין איינעם, נאָר אַזוי צונויפגעוואַקסען, אַז זיי ווייזען אוים ווי איין איינציגער גאַנצער אָרגאַניזם. די בעהעפטונגס־קראַפט, וואָס בינדט צונויף אין איינעם די פערשיידענע טהעמען, בעשטעהט יעמאָלט ניט נאָר אין דער פשוט'ער פסיכאָלאָגישער קרובה'שאַפט צווישען בילד און בילד. אַ וועלכער עס איז טיעפער לעבענס־געדאַנק נעהמט זיי אַלעמען ארום, און די צונויפגעוואַק־סענע טהעמעס ווערען אין דער אמת'ן איין־איינציגע האַרמאָנישע זאַך, וואָס האָט אַ גאַנץ אייגענע בעדייטונג און אַ בעזונדערען, אייגענעם קינסטלערישען חן. די צונויפגעגאָסענע בילדער פון פערשיידענע טהעמען מוזען אָבער דערביי פערליערען זייער לאָ־גישע קלאָהרקייט, דער שאַרפער געדאַנק מוז ביי זייער אָנבליק ווערען אַ ביסעל מטושטש. דערפאַר אָבער העלפען די איינצעלנע צונויפגעגאָסענע טיילען איינע די אַנדערע ארויסצוברענגען יענעם אָבקלאַנג אין אונזער געפיהל, וואָס שטימט צו זייער אַלעמענ'ס גרונד־טאָן, צו דעם טיעפען לעבענס־אמת, וואָס נעהמט זיי אַלעמען ארום.

אַ דאַנק דער גרויסער ראָליע פון דעם „אונבעוואוסטען" אין דעם בעשאַפען פון אַזעלכע ווערק, קאָן געמאָלט זיין, אַז דער קינסטלער אַליין וויים אויך ניט אויף קלאָהר, וואָס אַזוינס עס איז ביי איהם בעשאַפען געוואָרען. און פרעגט מען ביי איהם וועגען דעם, האָט ער קיין אַנדער תירוץ ניט, ווי: „עס האָט זיך מיר אַזוי פערוואָלט". וואָלט אָבער דער קינסטלער פערשטאַנען, אַז אין דעם בעשאַפען פון גרויסע ווערק איבערהויפט שפּיעלט דער בעוואוסטער ווילען נאָר אַ בעהעלפערישע ראָליע; אַז דאָרטען, וואו ער פיהלט אין זיך אַ שטאַרקען קאַפּריז פון דעם ווילען, וועל־כען ער קאָן ניט ביישטעהן, איז דאָס גאַנץ געוויס אַ סמן, אַז זיין „זשעני", דער קלוגער בעל־חלום פון זיין שאַפען, האָט דערביי אַ גאַנץ ערנסטען, טיעפערען מיין, וואָלט ער יעמאָלט זיך ניט בעגוגענט

מיט דעם שטיפערישען „עס־האָט־זיך־מיר־אַזוי־פערוואָלט״; נאָר, אַנצייגענדיג אויף זיין ווערק, וואָלט ער זיך גאַנץ פּשוט מודה געווען: „חלום חלמתי ואיני יודע מה הוא״, — „אַ טרוים האָט מיר גע־טרוימט, און איך וויים ניט וואָס עס בעדייט״. זאָלען די קריטי־קער, אויב זיי קאָנען, מיר „פּותר־חלום־זיין״.

אָט אזא מין צונויפגעוואַקסען ווערק איז אַנדרעיעוו׳ס „אַנאַ־טעמא״. פערשיידענע טהעמען האָבען זיך דאָ צונויפגעגאָסען אין איינעם, פון וועלכע יעדע איינע וואָלט געקאָנט ארויסוואַקסען צו אַ בעזונדערען קינסטלערישען ווערק. עס איז גאָר ניט שווער ארויסצושיילען פון „אַנאַטעמא״ ווענינסטענס דריי איינצעלנע קינסטלערישע מאָטיווען: אַן אינדיווידועל־פּסיכאָלאָגישען מאָ־טיוו: די נשמה־פּיין פון אַן אנטערעסאַנטען אידען, דוד לייזער; אַ סאָציאַל־פּסיכאָלאָגישען מאָטיוו, — די פערבאָרגענסטע פאָדע־רונגען, וואָס לעבען אין דער נשמה פון די גרויסע מענשען־מאַסען, און אַ פילאָסאָפישען מאָטיוו: דער קאַמפּף פון דעם מענשליכען שכל אַנטקעגען די אייביגע סודות פון דער וועלט. אָבער די אַלע דריי מאָטיוועו זענען אין דעם דיכטער׳ס נשמה געווען ארומגע־נומען מיט איין איינציגען לעבענס־צער, דעם צער פאַר דעם מענ־שען און זיין לעבען אויף דער וועלט. אָט דער צער טרייבט אַנ־דרעיעוו׳ן, ווי אויך אַנדערע, אמת׳ע קינסטלער, צו זוכען אַן ענטפער אויף דער גרויסער שאלה וועגען דעם ווערטה פון דעם מענשענ׳ס לעבען, אויסצוגעפינען סוף־כל־סוף, ווי אַנדרעיעוו דריקט זיך אויס, „דעם אמת וועגען דעם מענשענ׳ס גורל״. און דער ענטפער אויף דעם פּראָבלעם, וואָס איז אויסגעוואַקסען אין דעם קינסטלער׳ס געמיטה, וואָס איז איהם אַליין אפשר ניט אין גאַנצען קלאָהר, איז געוואָרען אַ קריסטאַליזאַציאָנס־פּונקט, ארום וועלכען עס האָבען זיך ארומגעזעצט דער אינדיווידועל־פּסיכאָ־לאָגישער, דער סאָציאַל־פּסיכאָלאָגישער און דער ריין פילאָסאָ־פישער מאָטיוו.

פערגעסען מיר ניט: אַנדרעיעוו איז קודם כל אַ פילאָ־סאָפישער שריפטשטעלער, וועמען עס האָבען קיין מאָל ניט געלאָזט צורוה די גרויסע פראַגען וועגען לעבען און טויט, וועגען דעם מענשליכען מאַרטיריום, וועגען די אונגערעכטע, ניט פער־

דיענטע ליידען פון אַלץ, וואָס לעבט אויף דער וועלט, וועגען די גרעניצען פון דעם מענשליכען וויסען. עס וואָלט געווען פאַלש צו זאָגען, אַז אין דעם פונקט איז אַנדרעיעוו גראָד אַן אויסנאַהם אין דער רוסישער ליטעראַטור. מען האָט אין דער לעצטער צייט איינגעזעהן, אַז אָט דער ברענענדיגער אינטערעס צו די אייביגע פילאָסאָפישע פראַגען איז אַ סמן מובהק פאַר אַלע גרויסע רוסישע שריפטשטעלער. געוויס, עס איז ניטאָ קיין איין גדול אין דער וועלט־ליטעראַטור, וואָס זאָל זיין פריי פון די אייביגע פילאָסאָפישע פראָבלעמען, און וואָס גרעסער דער קינסטלער, אַלץ שטאַרקער איז אין איהם דער פילאָסאָפישער פערלאַנג, אָבער ביי קיין איין ליטעראַטור פון קיין איין פאָלק האָט דער פילאָסאָפישער אינטערעס, די אָבשעצונג פון וועלט, לעבען און מענש בכלל, ניט געהאַט אַזאַ שטאַרקע ווירקונג, ווי גראָד אויף די רוסישע מייס־טער. מען קאָן זאָגען, אַז איבער דעם גאַנצען רוסישען שאַפען אין דער קונסט, פון פושקינען אָן ביז אַראָב אין אונזערע טעג, הענגט, ווי אַ בלייערנער וואָלקען, דער וועלט־סוד, וואָס לאָזט ניט צורוה דעם רוסישען געדאַנק. אָבער ביי קיינעם פון די רוסישע שריפטשטעלער איז דער „וועלט־סוד“ ניט געוואָרען צום בעוואוס־טען צענטר פון דעם קינסטלערישען שאַפען, ווי גראָד ביי אַנ־דרעיעוו׳ן.

פון וואַנען שטאַמט אָט דער פילאָסאָפישער שטריך אין דער רוסישער ליטעראַטור?

איך וויל נאָך מיט אַ פּאָר ווערטער אויף די פראַגע קורץ בעריהרען — און מיר זענען פאַרטיג מיט אונזערע הקדמות.

עס וואָלט געווען צו פריה אַרויסצודרינגען פון דעם חשק צו פילאָסאָפירען, וואָס מיר געפינען אין דער רוסישער ליטעראַטור, אַז די רוסישע ראַסע איז בעזונדערס מסוגל צו דעם ריין פילאָסאָ־פישען שאַפען. מען טאָר ניט פערגעסען, אַז דערווייל האָבען די סלאַווען זיך ווייניג אויסגעפיינט אויף דעם פעלד פון דער ריין פילאָסאָפישער קולטור, אַקוראַט אַזוי ווייניג ווי די רוימער און די איטאַליענער און אפשר נאָך ווייניגער איידער זיי. דער גרויסער אינטערעס צו די פילאָסאָפישע פראָבלעמען פון לעבען, טויט און ניט פערדיענטע ליידען נעהמט זיך אין דער רוסישער ליטעראַטור,

ווי איך גלויב, פון א גאַנץ אַנדער מקור: פון די פּאָליטישע בעדינגונגען, אין וועלכע עס לעבט די רוסישע אינטעליגענץ. ווע־ניגסטענס, איז דאָס אמת, ביז צו א גאַנץ גרויסען גראַד. פון פּושקין׳ס צייטען אָן איז פאַר דער רוסישער אינטעליגענץ אוועק־געשטעלט געוואָרען דער פּראָבלעם פון פּאָליטישע פרייהייט, און דער קאַמפּף פאַר איהר איז פון זיין בעגינען ביז אויף דעם היינ־טיגען טאָג, אות באות, א קאַמפּף אויף לעבען און טויט.

דער שיקזאַל פון די דעקאַבריסטען, — די געהאַנגענע און אין סיביר פערמאַטערטע, — האָט שווער געדריקט אויף דעם גע־וויסען און דעם בעוואוסטזיין פון פּושקין, לערמאָנטאָוו, ביעלינסקי, הערצען און דעם דור, וואָס האָט אַרויסגעבראַכט גאָגאָל׳ן. דער שיקזאַל פון די „פּעטראַשעווצי" האָט פערפינסטערט דעם פריה־מאָרגען פון דאָסטאָיעווסקי, טורגעניעוו, טאָלסטאָי, נעקראַסאָוו און זייער דור. אין דעם סוף פון די 50ער און דעם אָנהויב פון די זעכציגער יאָהרען האָט די אינטעליגענץ, אמת, א ביסעל פרייער אָבגעעטהעמט און יעמאָלט האָבען זיך אויך בעוויעזען לעבענס־פריידיגע קלאַנגען אין דער ליטעראַטור און דער קריטיק. באַלד האָט זיך אָבער וויעדער אָנגעהויבען דער ביטערער קאַמפּף, וועל־כען די „נאַראָדניקי" און „נאַראָדאָוואָלצי" האָבען מיט אזוי פיעל מסירת נפש געפיהרט, און אין דער אַטמאָספערע, וואָס איז געווען אָנגעזאַפּט מיט זייערע קרעכצען, מיט דעם לעצטען כאָרכלען פון זייערע יונגע לעבענס, זענען אויסגעוואַקסען די טאַלאַנטען פון א נאַדסאָן, גאַרשין, מערעזשקאָווסקי און טשעכאָוו. די רעוואָלוּ־ציאָנערע בעוועגונג פון די 90ער יאָהרען און די ערשטע יאָהרען פון דעם איצטיגען יאָהרהונדערט האָט גע׳סוד׳עט אין די אויערן פון א גאָרקי און אַן אַנדרעיעוו דאָס ליעד פון טויט און מאַטערנים.

די גאַנצע רוסישע ליטעראַטור איז א ליטעראַטור, וואָס איז אויסגעוואַקסען אונטער די קלאַנגען פון תפיסה־קעיטען, אונטער דעם פייפען פון דעם תליון׳ס בייטש. דער געהאַנגענער האָט זיך אויף זיין תליה תמיד געוויעגט פאַר די אויגען, אין דער לופט האָט זיך תמיד געטראָגען דער טרויעריגער נגון פון די „הרוגי מלכות", וואָס האָט אַקאָמפּאַנירט צו די זיפצען פון דעם גאַנצען געמאַטער־טען פאָלק. שוין באַלד הונדערט יאָהר, ווי איבער די קעפּ פון די

בעסטע רוסישע קינדער שוועבט דער שווארצער פויגעל — טויט — און פאָכעט מיט זיינע פליגלען. איז דען א חדוש, וואָס ער וועהעט אָן געדאַנקען פון טויט, ליידען, בעליידיגטען יושר און מסירת נפש. געוויס, אזא אַטמאָספערע מוז ארויסברענגען ניט נאָר פעסימיסטישע פילאָסאָפיע, נאָר אויך „דאָס ליעד פון דעם שטורעם־פויגעל“ און דעם ענטהוזיאזם פון קאמפף ביי די העלדען פון קאמפף. אבער די שעהנע ליטעראטור איז זעלטען דער דירעקטער אויסדרוק פון די, וואָס געהען פריידיג אין דעם טויט. זי שפיעגעלט אָב קודם כל די פסיכאָלאָגיע פון די, וואס בלייבען לכתחילה דרויסען פון קאמפף, וואָס קוקען איהם צו און פיהלען איהם מיט, אָדער פון די, וואָס האָבען, פערוואונדעטע, מיט געבראָכענע הערצער, מיט א גהינום אין געוויסען, געמוזט ארויסגעהן פון דער צייל. אויף זיי, אויף אַלעמען פאָכעט אָן דער שווארצער פויגעל די אימה פאר׳ן לעבען און ביי זיי, ביי אַלעמען, וואקסט אויס צו קאָלאָסאלע מאָסען דאָס אייביגע פראָבלעם פון דעם זיין אויף דער וועלט. וואָס איז די וועלט? וואָס איז דער זין פון דעם לעבען? וואָס איז דער ווערטה פון דעם מענשען? פאר וואָס הערשט תמיד רויב און רציחה איבער עדעלמוטה און יושר? וואָס איז יושר? איז דאָס ניט מעהר ווי א מענשליכער אויסטראכט, אָדער איז ער א געטליך געבאָט? קאָן איהם דער מענשליכער שכל משיג זיין? — די אַלע פראגען שטעהען תמיד פאר די אויגען אין לעבען און פאָדערען אַן ענטפער.

דער פעסימיזם און דער אָפטימיזם קעמפפען, ווי איהר ווייסט, פאר דעם ענטפער אויף די דאָזיגע שאלות, און דער גרונד־צוועק פון דעם ווערק „אנאַטעמאַ“ איז אויך ניט קיין אַנדערער, ווי אויפצוועהמען דאָס פראָבלעם פון אָפטימיזם און פעסימיזם אין זיין גאַנצער גרויס און פרובען געבען אויף איהם אַן אייגענע תשובה.

דאָס איז אין איין וואָרט דער סימבאָלישער צוועק פון דער דראַמאַ.

לאָמיר פריהער בעקאַנט ווערען מיט דעם ספור המעשה.

דער פראָלאָג שפיעלט זיך אָב אויף א שפּוי פון א בארג,

וואָס זיין שפּיץ ווערט פערלוירען אין דער אונבעגרעניצטער הויך. אין דערמיטען פונ'ם ארויף־א־בארג, שטעהען מורא'דיג גרויסע אייזערנע, פעסט־פערשלאָסענע טויערען, וואָס דריקען די ערד מיט זייער מאיום'דיגער שווערקייט. די טויערן מארקירען מיט זיך „דעם סוף פון דער וועלט, אויף וויפיעל דער שכל קאָן איהם משיג זיין"; הינטער די טויערן וואָהנט, שווייגזאם און איינגעוויקעלט אין דעם אייביגען סוד, „דער אָנהויב פון יעדען זיין, דער גרויסער שכל פון דעם וועלט־אל". ביי די טויערען שטעהט אונבעוועגליך און פערשוויעגען דער „עמיצער, וואָס איז דער שומר פון אריינגאנג". דער גאנצער פּראָלאָג בעשטעהט אין דעם, וואָס „אנאטעמא", דער פערשאָלטענער, בעט זיך באלד מיט רחמים, באלד מיט רוגזא ביי דעם פערגליווערטען שומר פון אריינגאנג, ער זאָל איהם צולאָזען א בליק טהאָן הינטער די טויערן, ערגעץ וואו דורך א שפּעלטעלע דערזעהן די אייביגקייט. אז ניט, זאָל ער איהם לפּחות אויסזאָגען דעם נאָמען פון דעם, וואָס וואָהנט הינטער די טויערן...

— „דעם נאָמען, דעם נאָמען!" — בעט זיך אנאטעמא. — „אלץ אין דער וועלט בענקט נאָך גוטס און ווייס ניט, ווי צו געפינען איהם. אלץ אין דער וועלט וויל לעבען און געפינט נאָר דעם טויט. וואָס איז דער נאָמען פון גוטס? וואָס איז דער נאָמען פון דעם אייביגען לעבען?"

און אז אלע בקשות העלפען ניט, אז דאָס בילד פון די מענשליכע ליידען און די זיפצען פון דער וועלט ריהרען ניט דעם שומר'ס הארץ, בעריהמט זיך אנאטעמא, אז ער וועט זיך אָברעכענען מיט איהם דערפאר מיט דוד לייזער'ס לעבען. דוד לייזער, זאגט ער, איז „א נארישער, אָבער עהרליכער מענש און אויב מען זאָל איהם גוט דורכפּעכען און אָנצינדען, וועט פון איהם ארויס ניט קיין שלעכטער פאקעל פאר מיין יום־טוב". „דיין טרויעריג לעבען", זאָגט ער אין געדאנקען צו דוד לייזער'ן, „וועל איך ווי א שטיין פון א שליידער האָלץ א שאָס טהאָן אין דעם שטאָלצען הימעל — און עס וועלען א ציטער טהאָן די יסודות פון די הויכע הימלען".

בעת איך האָב געלייענט דעם פּראָלאָג פון אנאטהעמא, האָבען מיר אין די אויערן געקלונגען א פּאָר ליעדלעך פון היינריך

**הייגע**, וואָס וואָלטען געקאָנט אָוועקגעשטעלט ווערען ווי עפּי־גראַפען צו אַנדרעיעוו׳ס דראַמאַ. איין ליעדעל לייענט זיך אין א פּראָזאאישער איבערזעצונג אזוי:

ביים ים, ביים וויסטען, נאַכטליכען ים
שטעהט אַ יונגער מאַן.
די ברוסט פול צער, דער קאָפּ פול ספיקות,
און מיט פינסטערע ליפּען פרעגט ער די וואַלען:
אָ, אַנטפּלעקט מיר די סודות פון לעבען,
די פּיין־פולע, אור־אַלטע סודות,
וואָס אויף זיי האָבען שוין אַ סך מוחות געדאַרט, —
קעפּ אין היעראָגליפען־היטלען,
קעפּ אין טורבאַן און אין שוואַרצען בארעט,
קעפּ אין פּאַריקען און טויזענטער אַנדערע
אָרעמע, שוויצענדע מענשליכע קעפּ, —
זאָגט מיר, וואָס בעטייט דאָס דער מענש?
פון וואַנען קומט ער? וואוהין געהט ער אַוועק?
ווער וואָהנט דאָרטען אויבען, אויף די גילדערנע שטערען?
עס מורמלען די וואַלען זייער אייביג געמורמעל,
עס וועהעט דער ווינד און עס פליהען די וואָלקענס,
עס פינקלען די שטערען גלייכגילטיג און קאַלט, —
און דער נאַר שטעהט און וואַרט אויף אַן ענטפער.

און אָט איז נאָך אַ ליעדעל אויף דער טהעמע פון די אייביגע סודות; שוין אין אַ ביסעל אַ קינסטלערישער, אָבער דערפאַר, אַ פרייערער איבערזעצונג.

לאָז די הייליגע משלים
און די דריידלעך פון גמרא!
אויף די שווערע, האַרבע שאלות
גיב אַ תשובה אונז אַ קלאָהרע׳

פאַר וואָס שלעפּט זיך בלוטענד, עלענד
אין יסורים דער גערעכטער,

בעת עס פּאַסירט אום זיעגרייך, גליקליך
אויף אַ הויכען פערד דער שלעכטער?

וואו ליעגט דאָ די שולד? איז אפשר
ניט גאַנץ יכול'דיג דער בורא?
אָדער טהוט ער'ס מיט אַ כיון
און מאַכט חוזק פון זיין תורת?

דאָס אַלץ פרעגען מיר כסדר,
ביז עס קומט מיט בלאָסע הענד ווער
און פערשטאָפּט מיט ערד די מיילער...
אָבער — איז דאָס דען אַן ענטפער?

שוין אין דעם „פּראָלאָג“ צו דעם „אנאטעמא“ טרעט ארויס די גאַנצע בענקשאפט נאָך דעם ענטפער, אויף וועלכען „דער נאַר“ איז געשטאַנען און געוואַרט ביי דעם נאַכטליכען ים.

„רוף מיר אָן דעם נאָמען פון דעם, וואָס הינטער די טויערן“, בעט זיך אַנאַטעמאַ ביי דעם „עמיצען, וואָס איז דער שומר פון אריינגאַנג“. „שטילערהייד רוף איהם אָן, קיינער'ט ניט הערען. נאָר איך, דער ווייזער אַנאַטעמאַ, וואָס בענקט נאָכ'ן אמת, וועל דאָס וויסען“.

„דערגעהען צו דיר ניט“, פרעגט ער איהם, „די שטימען, וואָס שילטען? וואָס געהען אויס פון די כחות אונטער דער משא פון שלעכטס?... וואָס בענקען אונענדליך און שרעקליך?“...

נאָך דייטליכער טרעט ארויס דער ים־מאָטיוו ביי דוד־לייזער'ן. „איין מאָל, אויפ'ן ברעג ים, דערצעהלט אַלץ נאָך אַנאַטעמאַ, האָב איך בעגעגענט דוד לייזער'ן, בעת ער האָט געפרעגט די וואַלען, אויף וואָס זיי בעקלאָגען זיך אזוי“. און שפּעטער דערוויסען מיר זיך, אַז דוד לייזער פלעגט טאַקע אָפט געהן זיך דורכשמועסען מיט די וואַלען.

„וואָס האָסטו געטהאָן ביים ים?“ — האָט איהם אַ מאָל געפרעגט זיין ווייב, שרה.

דוד: „איך האָב געקוקט אויף די וואַלען, שרה, און האָב זיי געפרעגט: פון וואַנען קומען זיי און וואוהין געהען זיי? איך האָב געטראַכט וועגען דעם לעבען, שרה: פון וואַנען איז ער געקומען און וואוהין געהט ער אַוועק?"

שרה: „איז וואָס האָבען דיר געזאָגט די וואַלען, דוד?"

דוד: „זיי האָבען גאָר נישט געזאָגט, שרה... זיי קומען און געהען ווידער אַוועק, און דער מענש אויפ'ן ברעג ים וואַרט אומזיסט אויף אַן ענטפער פונ'ם ים".

אָבער — ווער און וואָס איז דוד לייזער?

דוד, מיט דעם פאַמיליען-נאָמען לייזער, איז אַ פשוט'ער איד מיט אַ גרויער לאַנגער באָרד, וואָס האָט געהאַנדעלט לעבען אָדעם אין אַן אָרעמען ביידעל מיט סאָדאַ-וואַסער און הערינג. אין איינעם מיט זיין ווייב, שרה, פיהרט ער זיין קבצנישען מסחר און, אקוראַט ווי אַלע אַנדערע קאָנקורענטען זיינע, וואָס האָבען זייערע ביידלעך לעבען איהם — אויך מיט דערזעלביגער סחורה — קוקען זיי אוים זייערע אויגען — אויף אַ קונה. אַ זוהן האָט ער, נחום, אַ דערריגען, שוין באַלד ביים שטאַרבען, געהט ער אום איבער'ן שטאָדט און „זוכט" פאַר דעם מסחר „קרעדיט". אויך אַ טאָכטער האָבען די לייזער'ס, רויזע, אַ בילד-שעהנהייט, פון וועלכער מען פאָדערט אָבער, אַז זי זאָל אומגעהן תמיד פערשמוצט און איינגעהויקערט, כדי זי זאָל אויסזעהן ווי אַ משלחת, „ווייל שעהנקייט איז אַ צו געפעהרליכער אוצר" פאַר אַן אָרעמאַן, ווי שרה דערקלעהרט דאָס, „און עס איז גרינגער איינהיטען געלד פון אַ גזלן, איידער שעהנקייט פון אַ שלעכטען".

פאַר וואָס האָט אַנדרעיעוו אויסגעקליבען גראָד אַזאַ דוד לייזער'ן, אַנאַטעמאַ זאָל פון איהם „אויספּעכען אַ פּאַקעל צוליעב זיין יום-טוב"?

איך האָב מורא, אַז טיילווייז איז אין דעם שולדיג אַנדרעעוו'ס קנאַפּע בעקענטשאַפט מיט דעם איצטיגען אידען. צו דעם אידישען לעבען און צו די אידישע טיפען האָט ער, הפנים, קיין מאָל ניט געהאַט קיין געלעגענהייט זיך נעהנטער צוצוקוקען. ביי זיין גאַנצער פריינדליכקייט צו אידען, ביי זיין אמת וואַרעמער סימפּאַטיע צו אונז, וואָס רעדט אַזוי קלאָהר אין זיינע אידישע פיגורען, האָט ער

ניט געקאָנט בעפרייען זיי פון א געוויסען שטריך, מיט וועלכען זיי טרעטען ארויס אין דער רוסישער, בייזוויליגער קאריקאטור, אי־בערהויפט ביי דעם שוין איצטער פערגעסענעם פּאוועל וויינבערג: דאָס איז דער שטריך פון גרענעצלאָזער נאאיוויטעט. אָבער בעת אין דער רוסישער קאריקאטור איז דער שטריך פערבונדען מיט פּשוט'ע דומהייט און הארצלאָזיגקייט, פערבינדט איהם אנדרעיעוו מיט א שטריך פון סענטימענטאלער טיעפקייט אין געפיהל און גע־דאנקען. א פּשוט'ער מענש מיט א סענטימענטאל נאאיווער טיעפ־קייט אין געפיהל און גדאנק איז דער איד דוד לייזער — און אזא ניט קיין איבערגעשפּיצטער, פון נאטור אוים גוטער מענש קאָן לייכטער געמאכט ווערען פאר דעם סימבאָל פון יענעם מענש אי־בערהויפּט, וועלכען אנאטעמא ברויכט פאר זיין פּלאן: א פרומער, גאָט איבערגעבענער, וואָס קאָן געהן אויף דער עקידה פאר דער מענשהייט.

דערצו דוכט זיך אנדרעעוו'ען, אז ביי די איצטיגע אידען לעבט דער רעליגיעזער גלויבען כמעט אויף דעם זעלביגען שטייגער, ווי אמאָל אין די ביבעל־צייטען: מיט דער תמימות'דיגער נאָהענט־קייט צו גאָט, ווען דער רבונו־של עולם איז געווען כביכול א גאנצער בן־בית ביי אונזערע אבות. הערט אויס, צום ביישפּיעל, א געשפּרעך צווישען נחום'ען און שרה'ן.

דער דערריגער זוהן זאָגט צו זיין מוטער: „מאמע, איך וועל מעהר ניט געהן זוכען קרעדיט. איך וועל מיט דעם טאטען געהן אויפ'ן ברעג ים. ע ס א י ז ש ו י ן מ י ר צ י י ט צ ו פ ר ע־ג ע ן ב י י ג אָ ט ו ו ע ג ע ן מ יי ן ג ו ר ל."

ש ר ה: „פרעג ניט, נחום, פרעג ניט!"

נ ח ו ם: „ניין, איך'ל פרעגען."

ש ר ה (בעט זיך): „מען דארף ניט, נחום, ניט פרעג."

אנדרעעוו גלויבט, הפנים, אז אזא געשפּרעך, וואָס וואָלט אפשר געקאָנט מעגליך זיין אין דעם אַלטען פּאַלעסטינא, קאָן זיך נאָך עד היום אבשפּיעלען איצטער אין אָדעס. אנדרעעוו איז אזוי ווייניג בעקאנט מיט דעם איצטיגען אידען, אז — א קליינינקייט, אָבער א כאראקטעריסטישע! — ער לאָזט דעם אַלטען, פרומען דוד לייזער'ען, ביי איהם זאָל זיך וואַלגערען א תנ"ך אונטער'ן טיש,

און ער זאָל דאָס מערקען און עס ניט אויפהויבען, און ניט א קוש טהאָן. עס איז דעריבער קיין וואונדער ניט, וואָס אין דער שילדע־רונג פון דוד לייזער'ען טרעט אַזוי וועניג אַרויס דער א י ד. פאַר אַנדרעעוו'ען איז געוועזן אינטערעסאַנט ניט דער א י ד דוד, נאָר דער מ ע נ ש דוד מיט דער סענטימענטאַל־נאַאיווער טיעפקייט אין דער נשמה, מיט דער תמימות'דיגער נאָהענטקייט צו גאָט. אַזאַ מענשען האָט זיך אַנדרעעוו געקאָנט פאָרשטעלען נאָר ביי אידען, און דערפאַר, אפשר, האָט ער אויסגעקליבען פאַר דער הויפּט־פיגור פון זיין דראַמאַ דעם אידען דוד לייזער.

און פון דעסטוועגען, — ווי וועניג עס פּאַסען צו דעם איצטי־גען אידען סענטימענטאַל־נאַאיווע טיעפקייט און תמימות'דיגע נאָהענטקייט צו גאָט,—איז דאָס פּאָרט געוועזן א ריכטיגער קינסט־לערישער אינסטינקט ביי אַנדרעעוו'ען — צו זוכען זיין העלד ביי די איצטיגע אידען. פּרובט אין געדאַנק אַוועקשטעלען אָנשטאָט דוד'ען אן אנדער מענשען, א רוסישען „מיעשצאַנין", א פּוילישען „שליאַכ־טשיטש", א מענשען פון וועלכען פאָלק איהר ווילט, פון וועלכען קלאַס איהר ווילט, און עס וועט אייך ווערען קלאָהר, אז אויב די מעשה, וואָס אַנדרעעוו דערצעהלט אונז, וואָלט איבערהויפּט גע־קאָנט ערגעץ־וואו פּאַסירען, וואָלט זי זיך געקאָנט אָבשפּיעלען נאָר מיט א אידען אין דער ראָלע פון דעם הויפּט־העלד.

ווי סימבאָליש די פיגור פון דוד לייזער'ען זאָל ניט זיין, — ער איז דער סימבאָל פון דעם גוטען און גערעכטען מענשען, אויב איהר ווילט, פון גוטס און גערעכטיגקייט בכלל, — ווי בלאַס עס זאָ־לען ניט זיין די נאַציאָנאַל־אידישע שטריכען אין איהם, בלייבט דוד לייזער דאָך א אידישער טיפּ, — א פערטער גרויסער אידישער טיפּ, געמאָלט פון א ניט־אידען, וואָס קאָן אַוועקגעשטעלט ווערען לעבען די דריי אַנדערע גרויסע טיפּען אין דער וועלט־ליטעראַטור, געמאָלט פון ניט־אידען: לעבען שעקספּיער'ס „שיילאָק", לעסינג'ס „נתן החכם" און גוטצקאָוו'ס „אוריאַל אַקאָסטאַ", — דוד לייזער איז אפשר דער אידישליכסטער פון זיי, פון אַלעמען.

על כל פנים איז די טראַגעדיע פון דוד לייזער'ס נשמה א טעמע פאַר זיך, וואָס איז גענוג רייך און אינטערעסאַנט, מען זאָל צוליעב איהר אַליין זיך אָבשטעלען אויף אַנדרעעוו'ס ווערק.

ווען דוד לייזער איז געקומען צו זיין אָרעמען סאָדאַ־ביידעל צוריק פון ברעג ים, וואו ער האָט, ביי דעם אָנבליק פון די וואַלען, געטראַכט וועגען דעם גורל פון דעם מענשליכען לעבען, האָט איהם דער שיקזאַל בעגעגענט מיט אַ הויפען גליק. אַן אַדוואָקאַט האָט איהם געבראַכט אַ גרויסע ירושה פון אַמעריקאַ, פון אַ פערשטאָר־בענעם ברודער. אין דער יוגענד איז דער ברודער ענטלאָפען פון מיליטער־דיענסט און דוד האָט געדאַרפט דיענען אָנשטאָט איהם. איצטער נאָכ'ן טויט, בעצאָהלט דער ברודער דוד'ן פאַר דער עולה, וואָס ער האָט בעגאַנגען אַנטקעגען איהם. דער גאַנצער פערמעגען פון דעם אַמעריקאַנער גביר, צוויי מיליאָן דאָלאַר — „פיער מיליאָן רובעל!" — פערטייטשט עס דער אַדוואָקאַט — געהט איבער צו דוד לייזער'ען. דער אַדוואָקאַט איז ניט קיין אַנדערער ווי אונזער אַנאַטעמאַ, וואָס האָט זיך אומגעקעהרט צוריק צו דער ערד, כדי אויסצופיהרען זיין קריעגס־פּלאַן אַנטקעגען די הימלען.

אָבער דוד לייזער וויל אין אָנהויב גאָר ניט וויסען פון דער ירושה. אויסגעמאַטערט פון לעבען, אין הארצען זיך שוין פון לאַנג אויסגעאיינט מיט דעם געדאַנק פון טויט, שוין לאַנג פריעדען גע־שלאָסען מיט גאָט, זעהט ער אין דעם בארג גאָלד אַ נייע סכנה פאַר די רוה פון זיין נשמה, אַ נסיון, וואָס קאָן ניט שטאַמען פון גאָט.

„טרייבט איהם אַוועק", שרייט ער צו די אַרומיגע. „דאָס איז דער שטן. איהר מיינט, ער האָט געבראַכט פיער מיליאָן רובעל? ניין, פיער מיליאָן בעליידיגונגען האָט ער געבראַכט. פיער מיליאָן געלעכטערס האָט ער אַ וואָרף געטהאָן אויף מיין קאָפּ... פיער ים'ען ביטערע טרערען האָב איך פערגאָסען אויפ'ן לעבען, פיער ווינדען פון דער ערד זיינען געווען מיינע זיפצען; הונגער און קרענק האָבען אויפגעגעסען מיינע פיער קינדער, און איצטער, בעת איך האַלט ביים שטאַרבען, ברענגט מען מיר פיער מיליאָנען. ווילען זיי מיר אומקעהרען מיינע יונגע טעג, פערבראַכט אין דחקות, איינגעענגט אין צער, אַרומגערינגעלט פון יסורים, בעקרוינט מיט עגמת נפש? ווילען זיי מיר צוריקברענגען לאָז זיין איין טאָג פון מיין הונגער, לאָז זיין איין טרער, וואָס איז געפאַלען אויף אַ שטיין, לאָז זיין איין שפּיי, וואָס מען האָט מיר געשפּיגען אין פּנים?"....

שווער איז געווען דוד לייזער'ס לעבען. אָבער, הפּנים, אויך

אזא לעבען איז איהם טהייער און די פּלוצלעבע עשירות וואָלט פּאר איהם געהאַט א ווערטה, ווען זי וואָלט נאָך געקאָנט צוריקברענגען די אויף אייביג פערפלאָסענע טעג פון הונגער, טרערען און בעליי־דיגונגען, — אַן עכט אידישע צוגעבונדענקייט צום ל ע ב ע ן, וואָס פּאר א לעבען דאָס זאָל ניט זיין, אפילו צו דעם ש פּ י י פון דעם לעבען, דריקט זיך דאָ אויס אין דוד לייזער'ס קלאָגען.

אָבער פּיער מיליאָן רובעל האָבען ניט די קראַפט צוריקצו־ברענגען „לאָז זיין איין שפּיי, וואָס מען האָט איהם געשפּיגען אין פּנים". און דוד לייזער פערשילט די מיליאָנען.

„פּיער מיליאָנען קללות, — אָט דאָס זענען דיינע פּיער מיליאָן רובעל", טענה'ט ער ווייטער, איבערבליקענדיג זיין גאַנצען לעבען. „אַי, חנה, אַי, בנימין און רפאל, אַי, מיין קליינינקער משה'לע, איהר, מיינע קליינע פויגעלעך, געשטאָרבען פון קעלט אויף די הוילע צווייגעלעך פון ווינטער — וואָס וועט איהר זאָגען, ווען אייער טאַטע וועט זיך צוריהרען צו די געלד? ניין, איך דאַרף ניט קיין געלד! איך זאָג אייך, איך דאַרף ניט קיין געלד. איך בין אַן אַלטער איד, וואָס שטאַרבט פון הונגער. איך זעה ניט אין דעם גאָט."

אַנאַטעמאַ ווערט ניט נתפּעל פון די אַלע קלאָגען. ער קען צו גוט דעם מענשען. ער ווייס, אַז סוף־כל־סוף וועט דוד לייזער איינ־וויליגען, אפשר ניט צוליעב זיך, איז, ווענינגסטענס, צוליעב זיין ווייב און קינדער. און — כך הוה! — דוד נעהמט אָן די ירושה, דינגט א רייכען פּאַלאַץ און הויבט אָן צו פיהרען, — דערווייילע אויף קרעדיט, — דאָס געלד איז נאָך ניט געקומען פון אַמעריקאַ, — א לעבען פון א גרויסען עושר.

די שעהנע טאָכטער, רויזע, דאַרף שוין ניט בעהאַלטען איהר שעהנקייט. זי בילדעט זיך, לערענט זיך פּאַהרען רייטענדיג, איז ארומגערינגעלט מיט אריסטאָקראַטישע קאַוואַליערען, און אין איהר יונגען שעהנעם קאָפּ האָבען זיך אויפגעוועקט חלומות פון גלאַנץ און מאַכט. די מוטער שרה קוועלט אָן פון איהר גליק. אפילו דער דערריגער נחום, וואָס האָלט שוין ביים טויט, האָט זיך געלאָזט דינגען א טאַנץ־לעהרער און ווענדעט אָן זיינע לעצטע ביסעל כחות,

כדי ארויסצוברענגען אַ ריכטיגען „פאַ“. — אַנאַטעמאַ אונטער דעם נאָמען פון „נולליוס“ האָט אויפגעגעבען זיין יורידישע פּראַקטיק און איז געוואָרען אַ פּריוואַט־סעקרעטער ביי דוד׳ן. אָבער דוד לייזער׳ען האָט דער גליקליכער אומבייט אין זיין לעבען ניט געבראַכט קיין נחת. דער אַלטער, פון לעבען אויסגעמאַטערטער איד קאָן שוין ניט געפינען קיין גליק אין געלד און די הנאות פון דעם עולם הזה. זיין נשמה איז איינגעוויקעלט אין שווערע וואָלקענס פון צער. די גאַנצע וועלט האָט זיך פאַר איהם איבערגעביטען און האָט זיך צוגעקעהרט צו איהם גאָר ניט פון איהר שעהנסטער זייט. קודם כל איז איהם דעם פרומען, תמימות׳דיגען מאַן צואווידער געוואָרען די שפּל׳קייט פון דעם מענשליכען כאַראַקטער, מיט וועלכען ער איז ערשט איצ־טער בעקאַנט געוואָרען.

„שווער צו קוקען אויף מענשען“, בעקלאָגט ער זיך פאַר נולליוס׳ן... „פון יעמאָלט אָן האָבען זיך די מענשען אַזוי ניט שעהן איבערגעביטען. געפעלט אייך, אַז מען פערנויגט זיך פאַר אייך צו ניעדריג, נולליוס? מיר געפעלט דאָס ניט: מענשען זענען ניט קיין הינט, וואָס זאָלען קריעכען אויפ׳ן בויך. און געפעלט אייך, נולליוס, ווען מענשען זאָגען אייך, אַז איהר זייט דער קליגסטער, דער איי־דעלסטער, דער בעסטער פון אַלע, וואָס לעבען, בעת איהר זייט אַ געוועהנליכער אַלטער איד, ווי אַ סך אַנדערע. מיר געפעלט דאָס ניט, נולליוס: פאַר די קינדער פון גאָט פון אמת וחסד פּאַסט ניט צו לייגען, אפילו ווען די אכזריות פון דעם אמת זאָל זיי ברענגען דעם טויט.“

און דערנאָך — די שווערע אומרוה אין דעם אייגענעם האַר־צען. עס איז אין איהם אויפגעוואַכט געוואָרען אַ הונגער צום לעבען, צו דער עולם הזה, בעת דער טויט הענגט שוין אויפ׳ן נאָז. „קאָן איך פאַר כל הגעלטען קויפען לכל הפחות איין טאָג געזונד און לעבען?“ — פרעגט ער ביי נולליוס׳ען. און כדי נאָך שאַרפער צו פיהלען די ביטערע איראָניע פון זיין שיקזאַל, דאַרף ער נאָך אַלע טאָג זעהן פאַר זיינע אויגען ווי זיין זוהן, נחום, לערענט זיך טאַנצען פאַר׳ן טויט.

איך קאָן זיך ניט אָבזאָגען פון דעם פערגעניגען, דורכלייענען

פאַר איך, אַביסעל אָבגעקירצט, וועניגסטענס, די ערשטע העלפט פון דער מאָוים'דיגער טאַנץ־סצענע.*)

„אַ רייכער זאַל מיט ווייסען מאַרמאָר בעפּוצט, מיט גרויסע איטאַליענישע פענסטער און אַן אויסגאַנג צום וועראַנדאַ. עס איז מיטאָג־צייט. פון די אָפענע פענסטער זעהען זיך האַלב טראָפּישע פלאַנצען און די טיעפע בלאָהקייט פון ים... ביים טיש זיצט דוד לייזער. ער איז זעהר טרויעריג. אַביסעל וויטער אויפ'ן דיוואַן זיצט ברייטלעך שרה, רייך, אָבער אָהן געשמאַק געקליידט. זי קוקט ווי נחום לערענט זיך טאַנצען. נחום איז זעהר בלייך, הוסט און קאָן זיך קוים האַלטען פון שוואַכקייט, דערהויפּט, ווען ער דאַרף, לויט די רעגעלן פון טאַנץ, שטעהן אויף איין פוס. אָבער ער לערענט זיך האַרטנעקיג; ער איז זעהר עלעגאַנט געקליידט, נאָר דער אויסערגעוועהנליכער בונטער זשילעט פון אַ שרייענדער פאַרב און דער האַלז־טוך פערדאַרבען דעם איינדרוק. אַרום נחום'ען דרעהט זיך, באַלאַנסירענדיג און זיך אַראָבלאָזענדיג, דער טאַנץ־לעהרער מיט אַ פידעל און סמיק אין די הענד. דאָס איז אַ נעטער מאַן, אונגעוועהנליך לייכט אין בעוועגונגען; טראָגט אַ ווייסע וועסט און לאַקירטע שיכלעך. ביים אַריינגאַנג שטעהט אשמדאי (אַנאַטעמאַ) מיט אַ טרויעריגען פּנים און קוקט מיט אַ פאָרוואורף."

ל ע ה ר ע ר: איינס־צוויי־דריי; איינס־צוויי־דריי.

ש ר ה: זעה, דוד, זעה, ווי נחום'ען געהט דאָס דער טאַנץ. איך וואָלט בשום אופן ניט געקאָנט אַזוי שפּרינגען — אָרימער יונג.

ד ו ד: איך זעה.

ל ע ה ר ע ר: הערר נחום איז זעהר טאַלאַנטפול. ביטע... איינס... צוויי־דריי. ערלויבט נאָר, ניט גאָר אַזוי. דעם פּאַ דאַרפט איהר מאַכען עכטער, די בעוועגונג פון דער רעכטער פוס דאַרף זיין נעט אָבגערונדעט. אַט אַזוי, אָט אַזוי (ער ווייזט ווי). טאַנצען, מאַדאַם לייזער, איז גאָר אַזוי ווי מאַטעמאַטיק; מען דאַרף דאָ אַ צירקעל... ביטע, מאָסיע נחום. איינס־צוויי־דריי איינס־צוויי־דריי. (שפּיעלט אויפ'ן פּיעדעל.)

---

*) איך גיב עס איבער אין דער איבערזעצונג פון מ. קאַטץ, וואָס איז ערשיענען אין ניו־יאָרק אונטער דעם טיטעל: „דער אשמדאי".

נ ח ו ם (אָהן אָטהעם): איינס־צוויי־דריי; איינס־צוויי־דריי....

ער דרעהט זיך און פּלוצלינג פאַלט ער שיער אום. שטעלט זיך אָב מיט אַן אויסגעמאַטערטען פּנים, בלוטלאָז און טויטליך דער בליק — דער הוסט שטיקט איהם. הוסט זיך אויס און טאַנצט ווייטער.

נ ח ו ם: איינס־צוויי־דריי.

ל ע ה ר ע ר: אַט אַזוי, אַזוי, מאַסיע נחום. נעטער, נעטער, איך בעט אייך. איינס־צוויי־דריי...״

דוכט אייך ניט, אַז דאָס האָט זיך דער מלאך־המות אַליין אָנגעטהאָן פאַר אַ טאַנץ־לעהרער און מיט גראַציעזע, קיילעכדיגע, נעט־אָבגערונדעטע „פּאַ״ דרעהט ער זיך אַריין מיט נחום׳ען אין דעם קבר אַריין? וועניגסטענס האָט דאָס אַזוי געווירקט אויף דוד לייזער׳ען.

דאָס גליק, וואָס רייכקייט קאָן ברענגען, פערשטעהט שוין דוד לייזער גאַנץ גוט. מען קאָן פאַר כל הגעלטען ניט קויפען איין איינציגען טאָג פון לעבען און געזונט. און אפילו, אַז מען וואָלט שוין דאָס יע געקאָנט קויפען, — וואָס איז דאָס גאַנצע לעבען, אפילו דאָס רייכסטע און שעהנסטע, אויב ניט אַ גראַציעזער טאַנץ מיט קיילעכדיגע, נעט־אָבגערונדעטע פּאַ — גלייך אין קבר אַריין, אונטער דעם מאַטעמאַטיש אָבגעצירקעלטען טאַקט פון דעם ביינערנעם טאַנץ־לעהרער?

דוד לייזער זיפצעט, קרעכצעט ביטער אונטער דער שווערער לאַסט פון יענע אייביגע פראַגען, וואָס וואַקסען פּלוצלונג אויס פאַר דעם מענשען, ווען ער ווערט אַוועקגעשטעלט פּנים לפּנים צום טויט; וואָס זענען פּלוצלונג אויסגעוואַקסען אויך פאַר טאָלסטאָי, בעת ער איז געשטאַנען אויף דעם העכסטען שטאַפּעל פון דעם אויסערען גליק.

אַלעמען איז בעקאַנט טאָלסטאָי׳ס תירוץ אויף דעם אייביגען פּראָבלעם פון דעם מענשליכען לעבען און טויט: ווילסטו לעבען נאָר פאַר זיך, ועסטו קיינמאָל ניט געפינען קיין אמת׳ן גליק, ווייל אַלץ וועט איינשלינגען דער שוואַרצער פּחד פאַר׳ן טויט. גליק, פרייד און דעם בעוואוסטזיין פון אונשטערבליכקייט קאָנסטו האָבען נאָר

יעמאָלט, ווען דו לעבסט ניט צוליעב זיך, נאָר צוליעב דער מענש־הייט, צוליעב גאָט, וואָס איז די ליעבע צו אַלעמען.

אויף פאַר דוד לייזער׳ען האָט זיך סוף־כל־סוף אויפגעעפענט יענע טאָלסטאָישע טהיר אין גן־עדן. אָבער — מערקווירדיג! ניט ער, דוד לייזער, האָט צוערשט דערזעהן דעם אַרויסגאַנג. אָנגעוויזען אויף איהם האָט איהם גאָר—אַנאַטעמאַ. יע, אַנאַטעמאַ, דער גלגול פון דעם שטן, וואָס איז בעקאַנטליך, אויך דער מלאך־המות און דער יצר הרע, ער האָט גענומען דרעדען פון דוד לייזער׳ס געוויסען, ווי אַן אָגיוסט קאָנט אָדער אַ טאָלסטאָי, וועגן דער ליעבע צו דער מענשהייט.

אין דעם מאָמענט פון דעם העכסטען יאוש, ווען דוד פיהלט זיך פער׳יתום׳ט און אין גאַנצען אָבגעריסען פון גאָט, „ווען די נשמה יאָמערט פאַר׳ן פחד פון טויט״, ווייזט איהם נולליוס אָן אויף די אָרעמע לייט, וואָס זענען געקומען נאָך אַ נדבה, און גיט איהם די עצה — אוועקצוגעבען זיי זיין גאַנצען פערמעגען.

„דיין משוגעת בעשטעהט אין דעם, דוד לייזער״, דערקלעהרט נולליוס ־ אַנאַטעמאַ ־ טאָלסטאָי, „וואָס דו האָסט דעם גאַנצען לע־בען געזוכט גאָט און ווען גאָט איז צו דיר געקומען — האָסטו גע־זאָגט: איך קען דיך ניט. דיין טויט בעשטעהט אין דעם, דוד לייזער, וואָס, אַ פערבלענדעטער פון אונגליק, אַזוי, ווי אַ פערד, וואָס דרעהט אין דער פינסטער די ראָד אַלץ אין דעם זעלביגען קרייז, האָסטו פערלאָרען אויס׳ן אויג די מענשען און איינזאַם ביזטו געבליבען צווישען זיי מיט דיינע עשירות און מיט דיין חלאת. דאָרטען, דרויסען ווארט אויף דיר לעבען — און דו, בלינדער, פערמאַכסט פאַר איהם די טהיר .טאַנץ דוד, טאַנץ — דער טויט האָט אויפגעהויבען דעם סמיק און ווארט אויף דיר. אַביסעל גראַציעזער, דוד לייזער, בריה׳שדיגער, קיילעכיגער דעם פאַ!״

ד ו ד: וואָס ווילסטו פון מיר?

אַ נ אַ ט ע מ אַ: גיב אוועק צוריק גאָט, וואָס גאָט האָט דיר געגעבען.

ד ו ד (אָנגערוקט): האָט מיר דען גאָט וואָס געגעבען?

אַ נ אַ ט ע מ אַ: יעדער רובעל אין דיין קעשענע איז אַ מע־סער, וואָס דו שטעכסט אַריין אין׳ס האַרץ פון דעם הונגעריגען.

צוטייל דיינע גיטער פאַר אָרעמע לייט, גיעב ברויט די הונגעריגע און דו וועסט בעזיעגען דעם טויט.

ד ו ד: קיין סקאָרקע האָט קיינער דוד'ן ניט געגעבען, בעת ער האָט געהונגערט, וועל איך מיט זייער זאַטקייט אָנזעטיגען דעם הונגער, וואָס איז אין מיינע ביינער?

אַ נ אַ ט ע מ אַ: אין זיי וועסטו זאַט זיין.

ד ו ד: וועל איך דען צוריק אומקעהרען די געזונט און די קראַפט?

אַ נ אַ ט ע מ אַ: אין זיי וועסטו שטאַרק זיין.

ד ו ד: וועל איך פעריאָגען דעם טויט, וואָס איז שוין אינ'ם בלוט, דעם שיטערען, ווי אַ וואַסער, וואָס איז שוין אין מיינע אָדער־רען, די האַרטע, ווי טרוקענע שטריק? וועל איך דען צוריק אומ־קעהרען דאָס לעבען?

אַ נ אַ ט ע מ אַ: מיט זייער לעבען וועסטו פער'כפל'ען דיין לעבען. איצט האָסטו נאָר איין האַרץ, דוד. ביי דיר וועלען ווערען מיליאָנען הערצער.

ד ו ד: אָ ב ע ר א י ך ו ו ע ל ש ט אַ ר ב ע ן?

אַ נ אַ ט ע מ אַ: ד ו ו ע ס ט ז י י ן א ו נ ש ט ע ר ב־ ל י ך!

פון וועלכער אונשטערבליכקייט רעדט דאָ אַנאַטעמאַ? — מיינט ער די רעליגיעזע, יענע־וועלטיגע אונשטערבליכקייט, מיט וועלכער דער רבונו־של־עולם בעצאָהלט דעם מענשען, פאַר וואָס ער האָט גוט אויסגעפיהרט זיין געבאָט? אָדער האָט ער אפשר אין זינען יענע אונשטערבליכקייט, וועלכע אָגיוסט קאָנט האָט אונז געלערענט, — דאָס אייביגע לעבען אין דעם זכרון פון דער מענש־הייט דורך די גוטע מעשים, וואָס ער טהוט פאַר איהר? אָדער איז דאָ געמיינט נאָך אַן אַנדער אַרט אונשטערבליכקייט — די, אויף וועלכע טאָלסטאָי האָט אונז אָנגעוויעזען?... ווען דער מענש הויבט אָן צו לעבען אין ליעבע און ליידען פאַר דער מענשהייט, אַזוי ווערט אין איהם דערוועקט, לערענט אונז טאָלסטאָי, יענער פונק פון דער געטליכער ליעבע, וואָס איז פאַראַן ביי יעדען איינעם פון אונז און וואָס קאָן ניט פערשווינדען מיט דעם טויט. מיט דעם ערוואַכען פון דער געטליכער ליעבע אין זיין ברוסט, דערוועקט זיך אין דעם מענ־

שעז אויך דאָס ב ע ו ו א ו ס ט ז י י ן, אז ער איז א טייל פון דער אונשטערבליכער גאָטהייט און ממילא אַליין אונשטערבליך — און עס פערשווינדט פון איהם דער פּחד פאר׳ן טויט. אָדער האָט דאָ אַנאַטעמאַ אין זין נאָך אַנאַנדער מין אונשטערבליכקייט?

די שאלה בלייבט ניט קלאָהר פאר דעם לעזער, אָבער דער־ווייל̈ע איז דאָס אויך ניט וויכטיג פאר אונז. וויכטיג איז, אז די אַלע טאָלסטאָי׳שע טענות און טהעאָריען פון אַנאַטעמאַ זענען געפאַלען אויף א גוטען באָדען. אייגענטליך, האָט דער געטליכער פונק פון ליעבע צו דער מענשהייט שוין לאַנג געלעבט אין דוד לייזער׳ס ברוסט. ער איז נאָר געווען צוגעדעקט מיט א בארג ביטערניסען, אָנגעזאַמעלט פון דעם אונגליקליכען לעבען. דער וכוח מיט אַנאַטע־מאַ־טאָלסטאָי האָט נאָר פאַנאַנדערגעגראָבען דעם בארג אש — פאַנאַנדערגעבלאָזען דעם פונק — און פון דאָרטען האָבען גענומען שלאָגען די העלע פלאַמען פון ליעבע. ער בעשליסט פאַנאַנדערצו־טיילען זיין פערמעגען.

„אַך, קלוגער נולליוס, אַך נארישער נולליוס“, זאָגט ער צו אַנאַטעמאַ. „נישיים האָסטו ניט פערשטאַנען, אז איך וואַרט שוין לאַנג אויף די אָרעמע לייט און זייער קול איז אין מיינע אויערען און אין מיין הארצען... רוף אהער די אָרעמע לייט“.

אָבער די מאָטיוועז פון דוד לייזער׳ס בעשלוס זיינען דאָך אביסעל אנדערע, איידער די, וועלכע אַנאַטעמאַ לעגט איהם פאַנ־אנדער. דער אייגענטליכער „טאָלסטאָי“ איז דאָ פאַרט דוד לייזער און ניט אַנאַטעמאַ. „ניט דעם מ ע נ ש ע ן“, זאָגט דוד, „נאָר ג אָ ט האָב איך אוועקגעגעבען מיין נשמה און זיין מאכט איז אויף מיר“. ער פאָלגט ניט דער שטים פון מענשען־ליעבע, ווען אפילו דער קול פון די אונגליקליכע איז „אין זיינע אויערען און אין זיין הארצען“, נאָר דער „שטים פון גאָט“, אַן איגוועניגען האַלב־קלאָה־רען רעליגיעזען בעוואוסטזיין, אז דורך די מעשים־טובים פון ליעבע און רחמנות ווערט ער נעהנטער צו זיין בעשעפער.

אין פלוג איז דאָ צווישען דוד׳ן און אַנאַטעמאַ גאָר א קליינינ־קער אונטערשייד. און עס ווייזט אויס, אז אַנאַטעמאַ בעמערקט איהם ניט. אבער אין דער אמת׳ן איז דער אונטערשייד א געוואַלטיגער.

פאר וואָס איז אַנאַטעמאַ געוואָרען אזא מענשען־פריינד?

פאַר וואָס קעמפפט ער אַזוי פאַר דער מענשהייט און דער מסירת נפש צוליעב איהר? פאַר וואָס ווייזט ער אַזוי קלאָהר אָן אויף דאָס גליק און די פרייד פון מסירת נפש? — ער איז דאָך דער גלגול פון דעם שטן, זיין אויפגאַבע וואָלט דאָך בעדאַרפט זיין צו פערדאַרבען דוד׳ס נשמה, אָנשטאָט דעם דערהויבט ער זי גאָר צו אַן אונענדליכער מאָראַלישער הויך?

מיר וועלען זיך שפּעטער אָבשטעלען אביסעל לענגער אויף דעם סימבאָל פון אנאַטעמאַ. דערווייל איז גענוג, ווען מיר וועלען וויסען, אַז ער איז זעהר אַ שפּעטער גלגול פון דעם שטן, אַז ער איז אַ גאָטעס־פיינד, אָבער אַ מענשען־פריינד, און עס איז איהם דעריי־בער באמת לייכט צו רעדען, ווי טאָלסטאָי, אָדער ריכטיגער, ווי אָגיוסט קאָנט, וועגען דער מענשהייט און דעם גליק פון מסירת נפש צוליעב איהר. פון דער אַנדער זייט אָבער וואַקסט אין זיין ברוסט אָן אַ ביטערער געלעכטער, ווען ער דערמאָנט זיך, ווי אָהנ־מעכטיג דער מענש איז, אפילו אויף זיין העכסטער מאָראַלישער הויך, לגבי דער נאַטור, וואָס ווערט בעהערשט פון געטליכע סודות, וועלכע זיינען אויף אייביג פאַר אונז פערדעקט. פון זיין, אנאַטעמאַ׳ס, שטאַנדפּונקט איז גאָט׳ס וועלט אַ מאָוים׳דיגע משוגעת, אַ שפּיי אין פּנים דעם שכל און דעם יושר, — אַ שפּיי מיט בלוט און גאַל. אָט דעם פּונקט וויל ער אַרויסברענגען קלאָהר אָהן אַ ברע־קעל ספק אין זיין קאַמפף אַנטקעגען די הימלען. צוליעב דעם צוועק וויל ער „גוט אויספּעבען" דוד לייזער׳ן. ער וויל בשום אופן ניט פערדאַרבען דוד לייזער׳ס נשמה. אדרבה, וואָס העכער זי איז, וואָס שטראַהלענדער זי לייכט אין איהר געטליכער ריינקייט, אַלץ בעסער פאַר איהם. די רעזולטאַטען פון דוד לייזער׳ס מעשים, וואָס זענען דיקטירט פון די עדעלסטע מאָטיווען, וועלען שוין אין גאָט׳ס שעה־נער וועלטעל זיין אַזעלכע, וואָס וועלען מוזען אויפטרייסלען די יסודות פון אַלע הימלען, אויב דאָרטען איז נאָך דאָ אַ פּונק פון שכל און פון יושר.

דער העכסטער מאָראַלישער אידעאַל פאַר אנאַטעמאַ איז קאָנט׳ס מענשהייט׳ס ליעבע, וואָס דאָס איז אויך דעם אויבער־שטען׳ס געבאָט. אָבער דוד לייזער שטעלט זיך לכתחלה אַוועק אויף אַ מאָראַלישער ליניע, וואו די ליעבע צו דער מענשהייט איז ניט

דאָס לעצטע וואָרט, נאָר דאָס ע ר ש ט ע וואָרט, ניט דער ענדציעל, נאָר דער וועג צום ציעל. דאָס ציעל איז די ליעבע צו גאָט, דער גערייניגטער רעליגיעזער געפיהל. דער געפיהל איז ניט די ליעבע צו דער מענשהייט, ווען אפילו ער דריקט זיך אויס אין איהר. די מסירת נפש און די מעשים טובים איז נאָר די אויסער־ליכע ש פ ר אַ ך, אין וועלכער עס רעדט צו אונז גאָט׳ס שטים. ניט דעם מענשען, גאָט גיט דוד לייזער אַוועק זיין נשמה...

און האָבענדיג אין לעצטער ליניע ניט דעם מענשען, נאָר גאָט אין זינען, קאָן זיך דוד לייזער אויפהויבען אין זיין מאָראַלישער הויך איבער די מענשליכע איינטיילונגען פון „גוט“ און „שלעכט“, פון „עהרליכע“ מענשען און „ניט־עהרליכע“. ער שטעלט זיך דאָ אַוועק כמעט ווי אויף ניעטצשע׳ס שטאַנדפונקט: „יענזייטס פאָן גוט אונד בעזע“. אַלע מענשען זענען גלייך אין ליידען, און ער לאָזט רופען צו זיך אַ ל ע ל י י ד ע נ ד ע. אַלעמען וויל ער ברענ־גען פרייד, אויף אַלעמען אויסגיסען זיין הילף, ווי די שטראַהלען פון דער זון, וואָס לייכטען גלייך העל אויף דעם צדיק און דעם רשע.

אַנאַטעמאַ זעהט הפנים ניט איין די נפקא מינה, וואָס צוויד שען זיין „קאָנטיזם“און דוד לייזער׳ס „טאָלסטאָיזם“. ער מיינט, ווייזט אויס, אַז דוד לייזער טאַנצט נאָך נאָך זיין פייפעל, און אפשר זעהט ער דערפאַר ניט איין די נפקא מינה, ווייל פאַר די ר ע ז ו ל־ט אַ ט ע ן איז אַלץ איינס: ליידענשאַפטליכע ליעבע צו דער מענש־הייט, אָדער טרייע גאָט־איבערגעבענקייט, וואָס האָט אויפגעוואַכט אין דוד לייזער׳ס ברוסט. סאַי ווי סאַי מוז דער סוף דערפון זיין — וואהנזיניגע ליידען פאַר דער מענשהייט, איבערמענשליכע יסורים דוד לייזער׳ן.

אָבער — לאָמיר ניט כאַפּען די פיש פאַר׳ן נעטץ. מיר האַלטען נאָך ניט ביי די יסורים. אדרבה! מיר שטעהען איצטער ביי די טהירען פון אַ גן־עדן, וואָס אַ שעהנערען פון איהם האָט די מענש־ליכע פאַנטאַזיע קיינמאָל ניט געקאָנט אויסמאָלען: דעם גן־עדן פון דעם ריינעם, אמת׳ען גליק, וואָס עפענט זיך דעם מענשען, בעת ער פיהלט, אַז ער האָט די אַנדערע באמת גליקליך געמאַכט.

דוד לייזער האָט צוטיילט זיין פערמעגען, און די פינסטערע וואָלקענס זיינען פערשוואונדען פון זיין נשמה און פון דער ארור־

מיגער וועלט. א נייע, פרישע, פרעהליכע זון איז אויפגעגאנגען אויף א נייעם פריש־געבוירענעם, פרעהליכען הימעל, און אלץ שטראהלט און גלאנצט אין דעם שיין פון ליעבע און פרייד.

דעם העכסטען שטאַפּעל פון גליק דערגרייכט דוד לייזער אין יענעם מאָמענט, ווען איהם ווערט אליין קלאָהר די גאנצע בעדייטונג פון זיין גליק פאר דעם גרויסען פּראָבלעם פון דעם מענשליכען לע־בען. ער וואקסט יעמאָלט אויס צו א געוואלטיגער גרויס: ער ווערט אויף א מאָמענט א נביא, וואָס ברענגט דער מענשהייט די פרעה־ליכע בשורה פון גליק און אונשטערבליכקייט, פון „בלע המות לנצח.“

געשעהן איז עס בשעת דעם טריאומפאלען קבלת־פּנים, וועל־כען די אָרעמע לייט האָבען געגעבען דוד לייזער׳ן. אמת, אויסערליך איז דער קבלת־פּנים, וועלכען מען האָט אראנזשירט ביי די סאָדאָ־ביידלעך, וואו דוד לייזער האָט אָבגעפינסטערט זיין גאנצען לעבען, ארויסגעקומען גאנץ אָרעמלעך. די מוזיק איז געווען א היימישע, פון היימישע כלי־זמר, מיט א דורכגעלעכערטען פּויק, אין וועלכען א הונט האָט געקאָנט אריינקריכען, און א צובויגענעם מעשענעם טרו־מיים, מיט עפּעס א יוצא־דופן׳דיגען קול. די מוזיק, וואס אזא׳ן אָר־קעסטער האָט געקאנט ארויסברענגען, האָט געמוזט זיין א הימעל־שרייענדער קאצען־יאָמער, פון וועלכען נאָר אן אנאטעמא האָט געקאָנט מיט איראָנישע התפּעלות ארויסהערען „די הארמאָניע פונ׳ם וועלט־אל“. אָבער אנאטעמא האָט זיך ניט איינגעהערט אין אנדער „הארמאָניע פונ׳ם וועלט־אל“, אין דער מוזיק פון די הערצער, וואָס זענען געקומען אָבגעבען כבוד דוד לייזער׳ן און אָבדאנקען איהם פאר זיין טובה.

מערקווירדיג, אז אויך ביי דער געלעגענהייט האָט איהם אנא־טעמא געהאָלפען צו מאכען א ווייטערען שריט אין דער מאָראלישער פּאָלקאָמענהייט. אויף דער שמחה איז דוד געקומען אן אומעטיגער, ווייל ער האָט געטראכט, אז ער פערדיענט ניט דעם גאנצען כבוד; הייסט עס, ער האָט נאָך אלץ געטראכט וועגען זיך. ערשט אנאטעמא דערמאָנט איהם, אז עס איז ווייניג אוועקצוגעבען דאָס מאטעריעלע פאר דער מענשהייט, אז מען דארף איהר אוועקגעבען די גאנצע נשמה, דעם טרויער און די פרייד, מען דארף לעבען מיט זיי, מיט

די מענשען, מיט ז י י ע ר ע אונגליקען און מיט זייערע שמחות. נאָך אַמאָל האָט זיך דערביי אַרויסגעוויעזען, אַז אַנאַטעמאַ שפּיעלט באמת זעהר גוט די ראָלע פונ׳ם יוצר־טוב, ווייל אין תוך אַריין איז ער אַ יוצר־טוב פאַר׳ן מענשען. און נאָך אַמאָל האָט זיך אַרויסגעוויעזען, אַז ער דערצעהלט ניט קיין נייעס דוד לייזער׳ן; אַז אין דער טיעף פון דוד׳ס האַרצען זענען די דאָזיגע אמת׳ן שוין לאַנג געווען אַ לעבעדיגע פּסיכישע ווירקליכקייט. און אויך דאָס איז וויעדער געוואָרען קלאָהר, אַז דוד לייזער׳ס געדאַנקען־גאַנג איז פערשיידען פון אַנאַטעמאַ׳ס, אפילו ווען יענער איז דער יצר־טוב: מיט זיין אומעטיגקייט, מיינט דוד לייזער, האָט ער בעגאַנגען אַ זינד ניט אַנטקעגען מענשען, נאָר אַנטקעגען גאָט. „וועמען האָב איך געוואָלט נאַרען מיט מיין פערשטעלען זיך?“ — מאַכט ער זיך אַליין דעם פאָרוואורף. „לעב איך דען ניט טאָג ווי נאַכט אין שמחה און שעפּ ניט מיט פולע הויפענס ליעבע און גליק? איז — פאַר וואָס האָב איך מיך פערשטעלט פאַר אַן אומעטיגען?“

אָבער דאָס האָט אַנאַטעמאַ גאַנץ געוויס ניט דערוואַרט, אַז דוד לייזער׳ס נשמה זאָל זיך דערהויבען צו אַזאַ הויך פון קלאָהרקייט און גרויס און מיט איהם זאָל פּאַסירען דאָס, וואָס מיט איהם האָט פּאַסירט. אויף איהם איז געקומען עפּעס אַזוינס, פאַר וועלכען מיר האָבען קיין אַנדער נאָמען ניט, ווי נאָר „רוח הקודש“ און „רוח הנבואה“. געהענדיג מיט זיין ווייב און נולליוס׳ען צוריק אַהיים פון דער שמחה, קעהרט זיך אום דוד לייזער און בעטראַכט דעם אָרט, וואו ער האָט פערבראַכט זיין אָרעמען לעבען. אָנגעלעהנט אויף שרה׳ס אַקסלען רעדט ער צו איהר:

„זעה, שרה, אָט איז דער פּלאַץ, וואו עס איז אַוועק אונזער לעבען — ווי טרויעריג און אָרעם ער איז און פון איהם אָטהעמט ווי פון אַ היימלאָזען מדבר. אָבער האָב איך דען ניט דאָ דערגאַנגען דעם גרויסען אמת וועגען דעם מענשענ׳ס גורל? איך בין געווען אָרעם ווי אַ בעטלער, איינער אַליין און נאָהענט צום טויט, אַ נאַרישער אַלטער מאַן, וואָס האָט געזוכט אַן ענטפער ביי די וואַלען פון ים, אָבער — אָט זיינען געקומען מענשען — בין איך דען עלענד? בין איך דען אָרעם און נאָהענט צום טויט? הערט מיך אויס, נולליוס: ג י ט אָ ק י י ן ט ו י ט פ אַ ר ן מ ע נ ש ע ן. וואָס

פאַר אַ טויט? וואָס הייסט טויט? ווער, דער צרה'דיגער, האָט אויסגעטראַכט אַזאַ משונה'דיג ווערטעל: טויט? ס'קאָן זיין, ער איז דאָ, איך וויים ניט, אָבער איך, נולליוס... איך בין אונשטערבליך. (ווי פון אַ ליכטיגען שלאַג געטראָפען, בויגט ער זיך איין און הויבט אויף די הענד צום הימעל) אָי, ס'אראַ'ן אימה: איך בין אונשטערב־ליך. וואו איז דער סוף פון הימעל? איך האָב איהם פערלאָרען. וואו איז דער סוף פון דעם מענשען? איך האָב איהם פערלאָרען — איך בין אונשטערבליך. אדני! אדני! יהי שם ד' מברך, געבענשט אין אַלע אייביגקייטען זאָל זיין דער פערבאָרגענער נאָמען פון דעם, וואָס גיט אונשטערבליכקייט דעם מענשען... דער אונבעגרעניצטער ווייט פון די צייטען גיב איך איבער דעם מענשענ'ס גייסט: ער זאָל לעבען אונשטערבליך אין דער אונשטערבליכקייט פון דעם פייער. ער זאָל לעבען אונשטערבליך אין דער אונשטערבליכקייט פונ'ם ליכט, וואָס איז לעבען. און די פינסטערנים זאָל בלייבען שטעהן ביי דעם שוועל, וואו עס וואוינט די אונשטערבליכע ליכטיגקייט. איך בין גליקליך, איך בין אונשטערבליך — אַ גאָט!"

איך בעט אייך, איהר זאָלט אריינגעהמען אין זכרון די דאָזיגע ווערטער, ווייל איך וועל שפּעטער רעדען באריכות וועגען דעם ענין פון יענער אונשטערבליכקייט, וואָס דוד לייזער האָט פּלוצלונג דער־בליקט. דערווייל לאָמיר פּשוט גלויבען דוד לייזער'ן אָדער אנ־דרעעוו'ן אויפ'ן וואָרט: דוד לייזער האָט דערשפּירט אין זיך די אונשטערבליכקייט.

אַ מעכטיגער שטראָם פון דעם ליכטיגען אָפּטימיזם שלאָגט דאָ פון דוד לייזער'ס נביאות. ווי האָט דאָס געווירקט אויף אנאַטעמאַ?

בעת דער רוח הקודש איז פּלוצלונג אראָב אויף דוד לייזער'ן און די ליכטיגע אייביגקייט האָט זיך פּלוצלונג אנטפּלעקט פאַר זיין געפיהל און ער האָט געמאַכט „שהחינו" אויף די אונשטערבליכקייט, האָט אנאַטעמאַ זיך מיט אימפּעט געווענדעט צו איהם: „דעם נאָ־מען! דעם נאָמען! דו ווייסט זיין נאָמען. דו האָסט מיך אָבגע־נאַרט." אָבער דוד האָט איהם ניט געהערט. ער איז געווען אין דער מאַכט פון דעם הייליגען גייסט, וואָס איז געקומען איבער איהם, ער האָט געבענשט דעם מענשען אין דער ווייט פון די צייטען און זיין

נשמה האָט געשוועבט אין פריידיגע התפעלות פון דעם אייביגען לעבען: „איך בין גליקליך, איך בין אונשטערבליך — אָ, גאָט!"

דאָס האָט ארויסגעבראַכט אַנאַטעמאַ'ן פון אַלע כלים. איז דען די הייליגע נביאות פון דוד לייזער'ן עפּעס מעהר ווי אַ געפּלאַפּעל פון מענשליכער שכרות? ווילד, אין צאָרן, אָבער פאָרט אַ מטושטש'ער, שרייט ער אויס: „דאָס איז אַ ליגען! אָ, ביז ווי לאַנג וועל איך נאָך הערען דעם שוטה! צפון און דרום, מזרח און מערב, איך רוף אייך. גיכער, אַהער, דעם טייוועל צו הילף! מיט די פיער ים'ען פון טרערען גיט אַ שטראָם אַהער און בעגראָבט אין אייער תהום דעם מענשען. אַהער! אַהער!"

„קיינער", דערצעהלט אַנדרעעוו, „הערט ניט דעם יאָמער פון אַנאַטעמאַ, ניט דוד, וועלכער איז אין גאַנצען בעלויכטען מיט דעם טריאומף פון אונשטערבליכקייט, ניט שרה, ניט די איבעריגע מענשען. זייער גאַנצע אויפמערקזאַמקייט איז צוגעשמידט צו זיין הערליך־לייכטענדען פּנים און די אויפגעהויבענע הענד צום הימעל. איינער אַליין צאַפּעלט זיך אַנאַטעמאַ און שילט".

דוד לייזער'ס נביאות קאָן איהם ניט אָראָבברענגען פון זיין פּלאַן. ער קאָן אין איהר ניט זעהן דעם ענטפער אויף די פּראָבלעמען וואָס פּלאָגען זיין גייסט. ער מוז זעהן אין איהר ניט מעהר ווי דאָס געפּלאַפּעל פון מענשליכע שכרות: דוד לייזער'ס גאַנצער גן־עדן מוז דאָך פערטרינקען ווערען אין די פיער ים'ען פון מענשליכע טרערען.

און די פיער ים'ען זענען געקומען, און מיט זיי האָט זיך אָנגעהויבען די אייגענטליכע טראַגעדיע אין דוד לייזער'ס לעבען. זיין טריאומף, — דער נצחון פון גאָט איבער דעם טייוועל, — איז פערבליבען געוואָרען אין אַ ים פון מענשליכע יסורים. עס האָט גענומען שטייגען דער ים, און אַלץ העכער און העכער איז געשטיגען דער טריאומף פון דעם טייוועל איבער גאָט.

דוד'ס נאָמען האָט זיך פאַנאַנדערגעטראָגען איבער דער גאַנצער וועלט. און פון אַלע פיער עקען פון דער וועלט האָט גענומען שטראָמען צו איהם די ליידענדע מענשהייט, מיט אַלע איהרע נויטען, מיט אַלע איהרע וועהען. דוד איז פאַר זיי געוואָרען דער משיח, וואָס זאָל אויסלייזען זיי פון אַלע איהרע פּלאָגען און פערווירקליכען איהרע טיעף פערבאָרגענסטע אידעאַלען.

שוין ביי דעם קבלת־פנים איז געקומען א וואנדערער פון ווייטע מקומות, וואָס צו זיי האָט דערגרייכט דער קלאַנג פון דוד׳ס נאָמען. ער איז געקומען אויסצוגעפינען דעם אמת, ווייל די קלאַנגען זיינען געווען אזוי וואונדערליך שעהן, אזוי מאגנעטיש צוציהענד פאר דאָס מענשליכע הארץ. דאָס ביי דעם, דאָס ביי יענעם אין דעם עולם פרעגט ער אוים וועגען דוד׳ן: איז דאָס אמת, אז דוד האָט אויסגע־היילט א קראנקע פרוי, וואס האָט שוין געהאלטען ביים שטארבען? איז דאָס אמת, אז ער האָט געמאכט זעהענדיג א בלינד־געבאָרענעם? איז דאָס אמת, אז דוד לייזער וויל אויסבויען א פּאלאץ פון ווייסע שטיינער און בלאָהע גלאָז און פערזאמלען אהין אלע אָרעמע פון דער וועלט? איז דאָס אמת, אז ער וויל אָבנעהמען די מאכט פון די רייכע און אוועקגעבען זי צו די אָרעמע און אָבנעהמען די הערשאפט פון די מעכטיגע, די בעפעהלענדע און צוטיילען עס צווישען אלע מענשען, אלעמען גלייך? און איז דאָס אמת, אז ער האָט געשיקט שלוחים קיין עפיאָפּיע צו די שווארצע מענשען, אז אויך זיי זאָלען זיך פארטיג מאכען אויפצונעהמען די נייע מלוכה, ווייל ער וויל אויך די שווארצע געבען א גלייכען חלק מיט די ווייסע, „אלעמען גלייך, יעדען אזוי פיעל, וויפיעל ער פערלאנגט, עס זאל זיין על פי יושר?“

דער עולם לייסענט די אלע זאכען, אָבער די שאלות אליין רופען אין איהם ארוים א חשד, אז דוד איז ניט קיין פשוט׳ער מענש, און אויך פאר זיי, פאר דעם גרויסען עולם, עפענען זיך פאנאנדער ליכטיגע האריזאָנטען פון מענשליכען גליק און יושר, וואָס דארפען אפשר פערווירקליכט ווערען דורך דוד לייזער׳ן. שרה אליין, דוד לייזער׳ס ווייב, הויבט אָן צו גלויבען אין דער איבער־נאַטירליכער קראפט פון איהר דוד׳ן.

דער וואנדערער ווענדט זיך מיט זיינע פראגען בסוד צו אנא־טעמאַ. דער קלוגער טייוועל לייקענט אלץ אָב, שאָקלענדיג מיט׳ן קאָפּ אויף ניין, אָבער שמייכעלט און גלעט דעם אלטען איבער׳ן אקסעל, און פערשטארקט נאָך דערמיט אפשר דעם וואנדערער׳ס גלויבען.

דער געדאנק, אז דוד בעווייזט וואונדער, אז ניט נאָר ער היילט קראנקע, נאָר ער מאכט אויך לעבעדיג טויטע, האָט זיך פער־

שפּרייט ווי אַ פייער אין אַ טרוקענער סטעפּ. זיין פּאַלאַץ איז בעלאַגערט געוואָרען פון אַלע אַרטען ליידענדע. עס זיינען געקומען צו איהם קראַנקע און פערהויקערטע, מענשען, מענשען, וואָס זיי ברענט דער געוויסען, מענשען, וואָס זוכען דעם אמת, און זייערע טויטע האָבען זיי מיטגעבראַכט, דוד זאָל זיי אומקעהרען צום לעבען.

שרה, דוד'ס ווייב, איז גאַנץ איינגעגלויבט אין דוד'ס איבער־מענשליכע קראַפט, און דאָס, וואָס ער וויל ניט העלפען די אונ־גליקליכע מאַסען, ערקלעהרט זי זיך אויף אַ מיסטישען אופן, — אַז דוד איז נאָך ניט „פאַרטיג“. און דער גאַנצער עולם מיט זיינע פערהויקערטע און טויטע וואַרט, ביז דוד וועט ווערען פאַרטיג.

די ערשטע צייט האָט דוד נאָך וואָס איז געקאָנט טהאָן פאַר די מענשען, וואָס זיינען געקומען צו איהם נאָך הילף און פרייד. ער האָט עטליכע מאָל איבערגעטהיילט זיין שוין אַ מאָל צוטהייל־טען פערמעגען. גענומען ביי איינע, געגעבען די אַנדערע, ביז עס איז צופאַלען געוואָרען אין שטויב דער גילדערנער באַרג און עס איז פערווירקליכט געוואָרען דער אידעאַל פון אבסאָלוטען יושר, אַלע האָבען סוף כל סוף בעקומען גלייך, — אַלע ניט מעהר ווי צו איין קאָפּיקע. דערנאָך האָבען זיך אָבער אָנגעהויבען די איבער־נאַטירליכע פאָדערונגען, דאָס ניט וועלען גלויבען, אַז ער איז אַ פּשוט'ער בשר ודם. עס האָבען געבעטען די אויסגעשטרעקטע הענד, די אויסגעשמאַכטע הערצער אַ שטיקעלע הילף אַנטקעגען דער מנשליכער הילפלאָזיגקייט, און — דעם אַלטען'ס האַרץ וויינט מיט זיי, און העלפען קאָן ער ניט.

אָט איצטער ערשט האָט זיך אָנגעהויבען דער גיהנום, מיט וועלכען דוד לייזער האָט געמוזט בעצאָהלען פאַר זיין רגע פון אונ־שטערבליכען גליק.

„בין איך דען ניט אַ פערדעטהער, נולליוס, וואָס רופט און גיט ניט, וואָס ליעבט, כדי צו פערדאַרבען? אָי, ווי דאָס האַרץ טהוט וועה“, בעקלאָגט ער זיך פאַר אַנאַטעמאַ. „אָי, ס'איז מיר קאַלט ווי דער ערד, וואָס איז בעדעקט מיט אייז און אינווענינ אין איהר ברענט אַ היץ און אַ ווייסער פייער. אָי, נולליוס, האָסט וועג געזעהן אַ ווייסען פייער, אויף וועלכען די לבנה ווערט שוואַרץ און די זון ווערט איבערגעברענט ווי געלע שטרוי?“

די זון פון דוד׳ס גליק איז ווי געלע שטרוי איבערגעברענט געוואָרען אויף דעם ווייסען פייער פון זיין גיהנום.

„צו וואָס דאַרף דער מענש ליעבע, אז זי איז אָהנמעכטיג; צו וואָס טויג דער לעבען, אז ס׳איז ניטאָ קיין אונשטערבליכקייט?״

אנאַטעמאַ ווייס ניט קיין אַנדער עצה, ווי אַרויסגעהן צו דעם עולם און דערצעהלען איהם דעם גאַנצען ריינעם, פינסטערען, אכזריות׳דיגען אמת. דוד לייזער טהוט עס, אָבער ער האָט מיט דעם גאָר נישט גע׳פועל׳ט.

„איהר ווייסט, נולליוס,״ דערצעהלט ער איהם, „מיט מיר פּאַסירט עפּעס אַזוינס — איך האָב גאָר נישט, אָבער אָט איך בין אַרויסגעגאַנגען צו זיי, אָט האָב איך זיי דערזעהן, און איך האָב מיט אַ מאָל דערפיהלט, אז ס׳איז ניט אמת. איך האָב עפּעס יאָ. איך רעד צו זיי און אַליין גלויב איך ניט; איך רעד און אַליין שטעה איך מיט זיי און שריי אַנטקעגען זיך גופא און פאָדער מיט רוגזא. מיט די ליפּען לייקען איך, און מיט׳ן האַרצען זאָג איך צו, און מיט די אויגען שריי איך: יע! יע! יע!״

וואָס טהוט מען? און דאָ קומט נאָך אַריין שרה, וואָס פיהרט אַ פרוי פאַר׳ן האַנד, און די פרוי טראָגט אין די אָרעמס אַ טויטען קינד. די סצענע איז אַ ריהרענדע דורך די נאַאיוויטעט פון דעם פאָלק׳ס גלויבען, דורך דעם תהום פון מענשליכען יאָמער, וואָס אין איהר ליעגט, און איהר ווירקונג אויף דוד׳ס נשמה האָט געמוזט זיין אַזוי שטאַרק, אַז איהר מוזט מיר ערלויבען, איך זאָל זי אייך פאָרפיהרען אין גאַנצען.

שרה (ווייך): זייט ניט בייז, דוד. אָבער אָט די פרוי זאָגט, אַז זי קאָן מעהר ניט וואַרטען. זי זאָגט, אַז אויב עס זאָל נאָך לענגער דויערן איין ווייל, וועט זי שוין אין דעם ווידערבעלעבטען ניט דערקענען איהר קינד. טאָמער דאַרפט איהר וויסען זיין נאָמען, איז — משה האָט מען איהם גערופען, דער קלייניגקער משה. אַ שוואַרצינקער, איך האָב איהם געזעהן.

פרוי (פאַלט אויף די קניע): זייט ניט בייז, דוד, וואָס איך שטופּ מיך דורך פריהער פאַר די אַנדערע. אָבער דאָרטען זענען דאָ אַ סך, וואָס זענען ערשט ניט לאַנג געשטאָרבען, און איך טראָג איהם שוין דריי טעג און דריי נעכט ביי מיין ברוסט. אפשר דאַרפט

איהר אויף איהם אַ קוק טהאָן, וועל איך איהם אַבדעקען. איך נאַר אייך דאָך ניט, דוד.

שרה: איך האָב איהם שוין געזעהן, דוד. זי האָט מיר איהם געגעבען צו־האַלטען. זי איז זעהר אויסגעמאַטערט, דוד.

דוד (שפּריזט אויס די הענד מיט די לאַדאָניעס פאַראויס, טרעט אָב לאַנגזאַם צוריק הינטערוויילעכס, ביז וואַנען ער שטויסט זיך אָן אָן אַ וואַנד. אַזוי בלייבט ער שטעהן מיט אויסגעצויגענע הענד): האָט רחמנות! האָט רחמנות! (ביידע פרויען וואַרטען געדולדיג) וואָס זשע זאָל איך טהאָן? איך בלייב אָהן כחות, אַ, גאָט! נולליוס, זאָגט זיי, אַז איך בין ניט קיין מחיה מתים.

פרוי: איך בעט אייך רחמים, דוד. פערלאַנג איך דען איהר זאָלט צוריק לעבעדיג מאַכען אַן אַלטען מענשען, וואָס האָט שוין פיעל געלעבט און האָט פערדיענט דעם טויט מיט זיינע שלעכטע מעשים? פערשטעהע איך דען ניט, ווען מען קאָן און ווען מען קאָן ניט לעבעדיג מאַכען? אָבער — עס קאָן זיין, איך האָב עס ניט געוואוסט — איז — זייט ניט בייז אויף מיר. און איך האָב איהם דאָך צוגעזאָגט, בעת ער איז געשטאָרבען: האָב קיין מורא ניט צו שטאַרבען, משה׳לע. דוד, וואָס דערפרעהט מענשען, וועט דיר צוריקגעבען דיין קלייניגקעם לעבען.

דוד: ווייז מיר איהם. (קוקט, שאָקעלט מיט׳ן קאָפּ און ווייגט שטיל, ווישט די אויגען מיט דעם רויטען טוך, און פערטרויליך, אַנגעלעהנט אויף זיין אַקסעל, קוקט שרה.)

שרה: ווי אַלט איז ער?

פרוי: צוויי יאָהר געוואָרען, אויפ׳ן דריטען.

דוד (גיט זיך אַ קעהר מיט׳ן פערוויינטען פנים צו אַנאַטעמאַ, דער פנים כמעט ווי ביי אַ געריהרטען און רעדט ווי ניט מיט זיין קול): זאָל איך אפשר פּרובען, נולליוס? (בויגט זיך פלוצלונג צונויף און שרייט הייזעריג) שמע ישראל! אוועק פון דאַנען! אוועק! דיך האָט געשיקט דער טייוועל. זאָג זיי דאָך, נולליוס, אַז איך בין ניט קיין מחיה מתים. חוזק מאַכען פון מיר זענען זיי געקומען... זעהט, אָן לאַכען זיי ביידע. אַרויס פון דאַנען! אַרויס!

אַנאַטעמאַ (צו שרה׳ן, שטיל): נעהט אַרויס און פיהרט אַוועק די פרוי. דוד איז נאָך ניט אין גאַנצען פאַרטיג.

(זיי געהען אוועק. אַן אויסגעמאַטערטער, לאָזט זיך דוד אַראָב אין פאָטעל און הענגט קראַפטלאָז אַראָב זיין גרויען קאָפּ.)

וואָס טהוט מען? אַנאַטעמאַ קומט מיט אַ נייער עצה: אַנט־לויפען! זאָל זיך די וועלט געהן ווי זי געהט! זאָל זיך די מענש־הייט בלייבען ביי איהרע ליידען, פאַר וועלכע עס איז סיי ווי סיי ניטאָ קיין תרופה. און דוד לייזער זעהט איין, אַז קיין אַנדער אויסוועג איז פאַר איהם ווירקליך ניטאָ; ער האָט זיך איבער־געטהאָן אַזוי, אַז מען זאָל איהם ניט דערקענען, און איז שוין פאַרטיג געווען אויסצופיהרען דעם פּלאַן מיט אַנאַטעמאַ'ס הילף, ערשט אַ נייער שטראָם מענשליכע צרות האָט זיך אַ גאָס געטהאָן צו זיינע פיס.

אין די צועפּענטע פענסטער רייסט זיך אריין אַ קופּער־קלאַנג פון אַ מאַסע טרומייטען. די טרומייטען ווערען פערשוויעגען און עס הערט זיך די טופּעריי פון מאַרשירענדע חילות און דער יאָמער־רוף פון נייע קולות: דאַ־אַ־וויד! דאַ־אַ־וויד! — און די געדאַ־פּעלטקייט פון דוד לייזער'ס הארצען, דער דואַליזם זיינער, אויף וועלכען איך האָב שוין פריהער אָנגעמערקט, טרעט אַרויס אין נאָך אַ שאַרפערער פאָרם. ער איז אין הארצען מיט זיי, מיט די נייע מחנות ליידענדע. ער שטופּט אָפּ אַנאַטעמאַ'ן אָן אַ זייט, און, אויסגעשטרעקט ביידע הענד צו די אונגליקליכע פון דער ערד, שרייט ער צו זיי: „אַהער! אַהער! צו מיר! איך בין מיט אייך!" און אַז אַנאַטעמאַ פרעגט ביי איהם פערוואונדערט: וואָס? דו רופסט זיי? דו — רופסט — זיי?" און בעט איהם, ער זאָל קומען צו זיך, ענטפערט איהם דוד מיט כעס: „שווייג! דו פערשטעהסט ניט. מיר זענען מענשען, און מיר וועלען געהן אין איינעם (מיט התלהבות) און מיר וועלען געהן אין איינעם. אַהער, ברידער, אַהער! זעה, נולליוס, זיי האָבען אויפגעהויבען די קעפּ, זיי קוקען, זיי האָ־בען דערהערט. אַהער! אַהער!" און אַז אַנאַטעמאַ גיסט איהם אָב מיט קאַלטע וואַסער מיט דער שאלה: „וועסטו בעווייזען וואונ־דער?", ענטפערט דוד מיט דעם זעלביגען כעס: „שווייג, דו ביסט אַ פרעמדער! דו רעדסט ווי אַ פיינד פון גאָט און מענשען. דו ווייסט ניט פון קיין רחמנות און פון קיין חסד. מיר זענען אויס־געשמאַכט, מיר זענען מיעד און די טויטע האָבען זיך איינגעמאַ־

טערט צו וואַרטען. אהער, און מיר וועלען נעהן אין איינעם, אהער!“ אַנאַטעמאַ רעכענט איהם אויס דעם גאַנצען לייסטער צרות, וואָס זיי ברענגען מיט און צו וועלכע דוד קאָן גאָר נישט ניט העלפען. אָבער דוד שרייט אויס אין יסורים: „דו ווייסט נישט וואס הייסט ליעבען, נולליוס!“ ערשט, אז אַנאַטעמאַ הויבט אָן אַליין אין פענסטער מיט געשרייען צו רופען די אונגליקליכע צו דוד׳ן, ערשט יעמאָלט פאַלט ווידער דוד אַראָב, ווי אַן אונטער־געשאָסענער, פון הימעל צוריק אויף דער קאַלטער ערד, און איז מסכים — אַנטלויפען מיט נולליוס׳ען אין מדבר, ווייט פון מענשען און זייערע ליידען.

דאָרטען, אין מדבר, שפּיעלט זיך אָב דער לעצטער אַקט פון דוד לייזער׳ס טראַגעדיע. איך וועל זיך ניט אָבשטעלען לאַנג אויף איהם. עס איז געשעהן דאָס, אויף וואָס דוד לייזער האָט שוין אַ סך פריהער מיט אַ פערקלעמטען האַרצען געוואַרט. די מאַסען האָבען דערשלאָגען דוד׳ן.

די מענשען האָבען אויסגעפונען דוד׳ן אויך אין דער מדבר. אין ליעבע און צוטרוי זענען זיי געקומען צו איהם מיט זייערע ווייבער און קינדער. אַ וואָרעם וואָרט פערלאַנגען זיי פון איהם און — נאָך עפּעס, אמת, גאָר אַ קלייניגקייט, — איין איינ־ציגע זאַך, וואָס איז כולל אין זיך אַלע פאָדערונגען, אפילו די וואהנזיניגסטע, וואָס לעבען אין זייער ברוסט. די קלייניגקייט איז — יושר!

„וואָס ווילט איהר“, פרעגט ביי זיי דוד אין פּיין, און דער וואַנדערער ענטפערט שטיל: „יושר!“ — „וואָס ווילט איהר?“ פרעגט נאָך אַ מאָל דוד און אַלע ענטפערן מיט אַ מאָל: „יושר!“

דוד: נו, זאָגט, נולליוס, איז יושר — וואונדער?

אַנאַטעמאַ (ביטער): דאָרטען זענען בלינדע און זיי זע־נען אונשולדיג; דאָרטען זענען טויטע, און זיי זענען אונשולדיג...

אין דער סאָציאַל־פּסיכאָלאָגיע פון די מאַסען, וועלכע אַנאַ־טעמאַ דערקלעהרט זעהר ריכטיג, איז יושר און דער גלויבען אין וואונדער באמת איין און דיזעלביגע זאַך. הפּנים, ניט נאָר דער עגאָאיזם טרייבט די מאַסען צו דעם וואונדער־גלויבען, נאָר אויך דער טיעף איינגעוואָרצעלטער אינסטינקט פון גערעכטיגקייט.

דוד לייזער גיסט צום לעצטען מאָל אוים זיין ביטער האַרץ פאַר דאָס פאָלק. ער רעדט צו זיי אין דעם נאָמען פון דעם שכל. ווי קאָן ע ר, דער שוואכער מענש, געבען זיי די געוועכטיגקייט. און אַז ער וועט דעם בלינדען אַ שפּיי טהאָן אין די אויגען, וועט יענער דען ווערען זעהענדיג, און אַז ער וועט אָנהויבען בייסען שטיינער — שטיינער בייסען, ווי אַ וואהנזיניגע חיה, וועט דען ווער זאַט ווערען דערפון?

די מאַסען האָבען אָבער ניט געקאָנט פערשטעהן דוד'ן און אין זיינע ביישפּיעלען האָבען זיי נאָר געפיהלט, אַז ער שפּייט זיי אין פנים און וויל אין זיי וואַרפען מיט שטיינער... עס איז געשעהן דאָס וואהנזיניגסטע... ווי אַ צורייצטע חיה האָט זיך די מאַסע אַ וואָרף געטהאָן אויף דוד'ן מיט שטיינער — און ערשט אַז ער איז געפאַלען שוין כמעט אַ דערשלאָגענער, ערשט יעמאָלט צולויפט זיך די מאַסע אין טויטליכען שרעק, טרעטענדיג איינער דעם אַנדערן.

אָבער דוד איז נאָך ניט געווען אין גאַנצען טויט. אַ גוסס'ער קריכט ער אויף אַלע פיער צו זיי, צו די מאַסען: „וואַרט, וואַרט אויף מיר!" „אָי, איך וועל ניט דערגעהן. טראָגט מיך, נולליוס. זאָג איך דען, אַז מען דאַרף מיך ניט שלאָגען מיט שטיינער. אַך, זאָלען זיי מיך שלאָגען מיט שטיינער... טראָגט מיך, נולליוס", בעט ער זיך, שוין ביים שוועל פון טויט, פערליערענדיג דאָס בעוואוסטזיין. „איך וועל מיך שטיל אַוועקלעגען אויפ'ן שוועל, איך וועל נאָר אַ קוק טהאָן אין אַ שפּעלטעל, ווי עם עסען די קליינינקע קינדערלעך... קינדערלעך מיינע, קליינינקע קינדערלעך..."

און — דאָ איז דער סוף פון דוד לייזער'ס לעבען, דעם דערפרעהער פון דער מענשהייט. זיין גאַנצער לעבען ליעגט איצטער אָפען פאַר אונז און מיר קאָנען אונז איצטער אָבגעבען אַ דין וחשבון וועגען זיין סימבאָלישער בעדייטונג.

איך האָב שוין פריהער בעמערקט, אַז דוד לייזער איז ניט נאָר אַ טיפּ פון אַ אידען, ניט נאָר אַ לעבעדיגע, ליידענדע, תמימותדיג ליעבענדע, אין ליידען און ליעבע שטראַהלענדע אידישע געשטאַלט. ער איז, אַ חוץ דעם, אַ סימבאָלישע פיגור פון דעם גוטען און גערעכטען מענשען בכלל, וועמעס גורל אויף דער וועלט איז צו

פאַלען ווי אַ קרבן פאַר זיין ליעבע און גערעכטיגקייט. זיין לעבען און ליידען איז גאַנץ געווים אַ גאַנץ־גוטע איליוסטראַציע צו היי־נע׳ס שאלות, — יענע אייביגע שאלות, אויף וועלכע ער פערלאַנגט אַ קלאָרע תשובה פון דער רעליגיאָן: „פאַר וואָס שלעפט זיך בלו־טענד, עלענד דער גערעכטער, בעת עס פאָהרט אום זיעגרייך, גליק־ליך אויף אַ הויכען פערד דער שלעכטער? וואו ליעגט דאָ די שולד? איז אפשר ניט גאַנץ יכול׳דיג דער בורא? אָדער טהוט ער׳ס מיט אַ כיון און מאַכט חוזק פון זיין תורה?" דוד לייזער איז דער שעהנ־סטער פאַקעל, וועלכען אַנאַטעמאַ האָט גענומען אויסגעפּעבען און אָנ־צינדען, כדי צו בעווייזען, ווי אונזיניג עס איז דאָס גאַנצע מענש־ליכע לעבען.

טראַכט מען זיך אַריין אין דעם לעבען און דעם שיקזאַל פון דוד לייזער׳ן, אַזוי דערמאָהנט מען זיך ניט ווילענדיג אָן וויכטיגע אַנאַלאָגיען אין דער וועלט־ליטעראַטור און אין דער מענשליכער געשיכטע. קודם כל שווימט אַרויף דאָס בילד פון דעם פּיעל גע־פּלאָגטען איוב׳ן. ווי איוב, ווערט דוד לייזער געמאַטערט מיט איבערמענשליכע ליידען, ווי ביי איוב׳ן, קומען צו איהם די ליידען פון דעם שטן. ווי ביי איוב׳ן וויל דער שטן געווינען איהם אין אַ שפּיעל מיט גאָט. ווי ביי איוב׳ן, דאַרפען אויך זיינע ליידען זיין די איליוסטראַציע צו דעם הויפּט־פּראָבלעם: דער פראַגע וועגען דער געטליכער גערעכטיגקייט. אָבער אין אמת׳ן איז דוד לייזער אין פיעלע פּונקטען דער ריינער היפך פון איוב׳ן, ווי אויך אַנאַ־טהעמאַ איז אין פיעלע פּונקטען דער היפך פון דעם שטן. איוב איז געפּלאָגט מיט פיזישע ליידען, און זיין פּראָטעסט ברעכט זיך פאַנאַנדער ערשט יעמאָלט, ווען זיין ערדישער גליק פערשווינדט און ווען די יסורים האָבען געטראָפען זיין לייב. אין די צייטען פון גליק איז זיין האַרץ געווען איינס מיט גאָט. דוד לייזער האָט זיין איוב־פּעריאָדע שוין געהאַט לאַנג הינטער זיך, אויב ער האָט זי איבערהויפּט ווען עס איז געהאַט. עס קאָן זיין, אַז גאָר אין די ערשטע צייטען, ווען ער פלעגט שטעהן ביים ים און אויספּרעגען די וואַלען, האָט זיך ערגעץ־וואו אין דער נשמה געריהרט אַ שוואַ־כער שאָטען פון פּראָטעסט אַנטקעגען דער געטליכער הנהגה, אָבער אויך ער איז שוין לאַנג פערשטומט געוואָרען ביי איהם. ריין און

גאַנץ מיט נאָט איז שוין געווען זיין האַרץ, ווען מיר בעגעגענען איהם צום ערשטען מאָל. זיין איוב־ליעד, זיין „אָרור יום אולד בו" שרייט ער אַרויס ערשט יעמאָלט, ווען די פיזישע אָרעמקייט איז שוין אַריבער, ווען ער האָט בעקומען אַלץ, מיט וואָס דער אויבער־שטער האָט אַ מאָל בעלוינט איוב'ן פאַר זיינע יסורים: די פער־צעהן טויזענד שעפּסען, מיט די זעקס טויזענד קעמלען, מיט די טויזענד שפּאַן רינדער און די טויזענד עזלען. און דערנאָך, אַז עס האָבען זיך אָנגעהויבען זיינע יסורים, די יסורים פאַר דער מענש־הייט, וואָס, פערגליכען מיט זיי, זענען איוב'ס ליידען געווען ניט מעהר ווי אַ קינדער שפּיעל, האָט זיך פון דוד לייזער'ס האַרץ שוין ניט אַרויסגעריסען קיין איין טענה אנטקעגען גאָט. ביז צו דעם טראַגישען טויט איז ער געבליעבען טריי יענעם געטליכען פונק, וועלכען זיינע פּערזענליכע ליידען האָבען לעבעדיג געמאַכט אין איהם.

ניין, דוד לייזער איז ניט איוב. אַן אַנדער פיגור פון דער אידישער פערגאַנגענהייט, — וואָס איז געווען אפשר אַ משל, ווי איוב, און אפשר אַ שטיק היסטאָרישע ווירקליכקייט, — שטעלט זיך אַוועק לעבען איהם און פערלאַנגט מיט מעהר רעכט אַ פערגלייך. איך מיין דאָ ישו דעם קריסט, דעם משיח בן דוד, דעם פאָטער פון דעם קריסטליכען גלויבען. אין דער אמת'ען! אין די בענקענדע און טריאומפירענדע געשרייען פון דער ליידענדער מענשהייט: „דאַ־אַ־וויד!", „דאַ־אַ־וויד!" הערט זיך צו קלאָהר די אייביגע בענקשאַפט נאָך דעם בן־דוד. דוד לייזער סימבאָליזירט אין זיך אין געוויסע פרטים „בן־דוד, דעם דערלייזער", און די פאָדערונגען, וועלכע די מענשהייט שטעלט צו דוד לייזער'ן, זענען דיזעלביגע, וועלכען זי שטעלט צו דעם „דערלייזער". אויךביידענס לעבען און שיקזאַל זענען אין די וויכטיגסטע פונקטען כמעט אידענטיש. דוד לייזער רעאַליזירט אין זיינע מעשים דאָס, וואָס יענער האָט געפּאָדערט אין זיין תורה. ווי יענער, לעבט ער דורך אַ צייט פון טריאומף, ווען דער עולם בעגעגענט איהם מיט אַ פריידיגען „הושענאַ"! און בעדעקט זיין וועג מיט קליידער; ווי יענער, פער־שווינדט ער אויף אַ צייט מיט דעם שטן אין דעם מדבר; ווי יענער, טרינקט ער דעם כוס פון זיין ליידען ביז צום סוף און שטאַרבט

דעם טויט פון א מארטירער, און אויך ווי ביי יענעם האָט זיין מאַר־טירער־טויט געבראַכט דער מענשהייט מעהר צרות, איידער גליק. הערט, ווי אַנאַטעמאַ קלאָגט אָן דוד׳ס לעבען פאַר דעם „שומר פון דעם אריינגאַנג“: „ניט געשטילט דעם הונגער פון די הונגעריגע, ניט געמאַכט די בלינדע זעהענדיג, ניט צוריקגעקעהרט דאָס לעבען צו די אונשולדיג געשטאָרבענע; געבראַכט קריעגעריי און האַמ־פעריי און אכזר׳ישע בלוטפערגיסונג, — ווייל עס האָבען זיך שוין ערהויבען די מענשען איינע אַנטקעגען די אַנדערע און טהוען גע־וואַלדען אין דוד׳ס נאָמען, הרג׳ענען און גזלנ׳ען“... און אויך ווי דוד לייזער׳ס לעבען קאָן דאָס גאַנצע קריסטענטהום, זיין גלענצענדער אָנהויב און די מאוס׳ע געשטאַלט, וועלכע ער האָט בעקומען אין די הענד פון דער הערשענדער מאַיאָריטעט, זיין א שאַרפער כלי־זיין פאַר דעם פעסימיזם אין זיין פאָלעמיק אַנטקעגען דעם גלויבען און דאָס לעבען.

און ניט נאָר דעם אידישען טישלער פון גאַלילעאַ סימבאָ־ליזירט דוד לייזער׳ס פיגור, נאָר אויך די בעסטע מענשען פון אַלע צייטען, וואָס דולדען פאַר דער מענשהייט און זענען זיך מוסר נפש צוליעב איהר. ווענינגסטענס איין מאָמענט פון זייער לעבען איז אריינגעפלאָכטען געוואָרען אין דוד־לייזער׳ס דראַמאַ, — דאָס אנטלויפען אין מדבר. „אַנטלויפען אין מדבר“ איז אַלע מאָל גע־ווען דער איינציגער אויסוועג, — אויף אַ צייט, פערשטעהט זיך, — פאַר די, וואָס האָבען שוין אַלץ, וואָס זיי האָבען פערמאָגט, אַוועק־געגעבען דער מענשהייט, אָדער זייער פאָלק, אָדער זייער פאָטער־לאַנד, אָדער זייער אידעאַל, — און אַלץ אומזיסט. ווען דער לעצ־טער טראָפּען ענערגיע איז שוין אויסגעלאָשען, די לעצטע האָפענונג אויף אַ בעסערע צייט פערשוואונדען, יעמאָלט פאַלט אָן אן אַפּאַטיע אויף דער נשמה און נאָר איין וואונש ווערט לעבעדיג אין איהר, — פערקריכען ערגעץ וואוהין אין אַ ווינקעל, ווי אַ פערוואונדעטע חיה, און זעהן לכל הפחות, אַז די ריינקייט פון דער אייגענער נשמה זאָל ניט ווערען פערפלעקט. דאָס זענען די פּרושים, די גלות־אַבריכ־טער, די וואָס טהוען אויף זיך פרייוויליג אָן די דאָרנענע קרוין פון יסורים של אהבה, ניט כדי צו העלפען די אַנדערע — ניטאָ פאַר

זיי קיין הילף! — נאָר כדי צו בעפריעדיגען די אייגענע מאָראַלישע בעדערפעניסען.

ערגעץ איז אַנאַטעמאַ ניט אַזוי בייסיג שאַרף, ערגעץ איז ער ניט אַזוי דער אמת'ער יצר־הרע ווי גראָד אין דעם מאָמענט, ווען ער גיט דעם מענשען אַן עצה אַנטלויפען פון די מענשען און זייערע ליידען.

אַנאַטעמאַ: אין מדבר וועל איך דיך אָוועקפיהרען. מיר וועלען פערלאָזען די אַלע בייזע און זינדיגע מענשען, וואָס אויף זיי איז אָנגעפאַלען אַ בייסעניש פון יסורים און זיי וואַרפען איין קלע־צער און צאַמען, אַזוי ווי חזירים, וואָס קראַצען זיך.

דוד (קווײנקעלט זיך): אָבער זיי זענען דאָך מענשען, נולליום.

אַנאַטעמאַ: זאָג זיך אָב פון זיי — און אַ ריינער ערשיין פאַר גאָט אין דעם מדבר. זאָל אַ שטיין דיין צו־קאָפּענס זיין, זאָל דער יאָמערנדער שאַקאַל דיין פריינד זיין, זאָלען בלויז הימעל און ערד הערען די קרעכצען פון דוד'ס תשובה־טהאָן, — קיין איין שפּרינקעלע פון פרעמדע זינד וועט זיך ניט ווייזען אויף דעם זויבערן שנעע פון זיין נשמה. ווער עס בלייבט מיט די קרעציגע, יענער ווערט אַליין בעפּאַלען פון קרעץ, און נאָר אין התבודדות וועסטו גאָט דערזעהן. אין מדבר, דוד, אין מדבר!...

דוד: איך וועל דאָרטען תפלה טהאָן.

אַנאַטעמאַ: דו וועסט תפלה טהאָן!

דוד: איך וועל פּייניגען דעם גוף מיט תעניתים.

אַנאַטעמאַ: דו וועסט פּייניגען דעם גוף מיט תעניתים!

דוד: איך וועל בעשיטען מיין קאָפּ מיט אַש.

אַנאַטעמאַ: צו וואָס? אַזוי טהוען אונגליקליכע. דו וועסט אָבער גליקליך זיין, דוד, אין דיין צדקות. אין מדבר, דוד, אין מדבר!

אַלע מאָל, ווען גוטס און בייז טהוען זיך אַ מאָסט מיט די כחות און דאָס בייז, ווי אַזוי אָפט אין לעבען, שטעלט מיט נצחון זיין שמוציגע פוס אויף דעם נאַקען פון גוטס, — ווערט לעבעדיג אין דער נעזעלשאַפט דער מדבר־אידעאַל, דאָס גלות־אָבריכטען, דאָס וועלען אַנטלויפען פון דעם מענשען און זיינע ליידען. וויפיעל

אזעלכע „מדבר־מענטשן“, אזעלכע גלות־אַבריכטער, נעהען איצטער אום אין רוסלאַנד מיט דעם האַרענעם העמד אויפ׳ן לייב, נאָכדעם ווי די גרויסע רעוואָלוציע איז דערשטיקט געוואָרען אין שמוץ און בלוט. און — וואַרט! דוכט איך ניט, אז דוד־לייזער איז ביז צו אַ געוויסען גראַד אַ סימבאָל פון דער גאַנצער רוסישער רעוואָלוציאָן? האָבען אויך ניט איהרע שאַטענס זיך געטראָגען פאַר אַנ־דרעיעוו׳ס אויגען, ווען אין דעם שטילען קעמערל פון זיין האַלב־בעוואוסטזיניגען שאַפען איז אויסגעוואַקסען דוד לייזער׳ס פיגור? איז זי — די רעוואָלוציאָן — ניט אויך געקומען מיט גאַנצע פיער מיליאָן רובעל, — און נאָך דערצו פון אַמעריקע, — מיט גילדערנע בערג פון אויסלענדישע אידעאַלען, און האָט זי סוף־כל־סוף ניט געגעבען יעדען איינעם — אַ קאָפּיקע?

דער געדאַנק, אַז דוד לייזער איז די רעוואָליוציע, וואָס ווערט סוף כל סוף פערשטייניגט פון די, וועמען זי איז געקומען העלפען, איז מיר פּלוצלונג אַרויף אויפ׳ן זין, ווען איך האָב געלייענט אין דער לעצטער סצענע, ווען דאָס פאָלק פערלאַנגט יושר.

ד ו ד: וואָס פערלאַנגט איהר?

וואַנדערער (שטיל): יושר.

דוד: וואָס ווילט איהר?

אלע: יושר.

„בלויז איין וואָרט“, שרייבט אַנדרעיעוו, „אָבער ווי אַ דונער האָט ער אַריינגעשלאָגען אין דער ערד און איז אַנטשוויגען גע־וואָרען, אַ נאָהענטער און אַ וויטער, און עס וויים שוין ניט דער מענש: האָט ער דאָס געהערט, האָט ער דאָס געזאָגט, האָט ער דאָס אַ טראַכט געטהאָן — אָדער עס איז גאָר בישט ניט געוועזן. — מען וואָרט“.

עס איז שווער צו געפינען אַ בילד, וואָס זאָל אין אזוי ווענינג ווערטער אזוי קלאָר איבערגעבען די שטימונג, וועלכע די רעוואָליוציע האָט איבערגעלאָזען אויף די, וואָס האָבען אויך מיט אַלעמען פּלוצלונג אַרויסגעדונערט דאָס וואָרט „יושר!“ און האָבען זיך גענומען איינהערען אין דעם פּלוצלונג אַנטשוויגענעם קלאַנג...

דוד־לייזער איז אַן איינהייטליכע אינדיווידועלע פיגור, „דער דימענטענער מענש“, די גרויסע גוטע מעשליכע האַרץ, וואָס האָט

זיך היסטאָריש בעוויעזען צום ערשטען מאָל ביי דעם אידי־שען פאָלק. ווי אַן אינדיווידועל־פּסיכאָלאָגישער טיפּ איז ער אויסגעהאַלטען פון אָנהויב ביז'ן סוף. אָבער ווי אַ סימבאָל איז ער — ווי איהר זעהט — ניט איינהייטליך, נאָר צונויפגעגאָסען פון עטליכע געשטאַלטען, — פערשיידענע געשטאַלטען, וואָס האָבען אָבער איין איינציגען גרונד־טאָן: די ליעבע צו דער מענשהייט און די מסירת נפש פאַר איהר. דעריבער טויגען זיי אַלע פאַר אַנאַטעמאַ'ס פּאַקעל, צו בעלייכטען מיט איהם דעם גורל פון דעם מענשען.

אָבער אויך אַנאַטעמאַ איז ניט קיין איינהייטליכע פיגור, אפילו ניט ווי אַן אינדיווידועל פּסיכאָלאָגישער טיפּ, — אַ פּשיטא שוין ניט ווי אַ סימבאָל. אויך ווען איהם האָט זיין מוטער, די קינסטלערישע פאַנטאַזיע, געטראָגען אונטער איהר ברוסט, האָט זי זיך פערקוקט אויף אַנדערע געשטאַלטען, און אַזוי איז אויך ער געוואָרען צו אַ פיעל־פּאַכיגען סימבאָל, מיט איין־איינציגען גרונד־טאָן.

אַנאַטעמאַ, דער פערשאָלטענער, איז דער מאָדערנער גלגול פון דעם שטן, דעם טייוועל, דעם פיינד פון מענש און גאָט, וועמעס בילד עס לאָזט ניט צורוה דאָס מענשליכע שאַפען, זינט די מענשהייט האָט זיך פעראינטערעסירט מיט די אייביגע פּראָבלעמען פון לעבען און טויט, פון גוטס און שלעכטס, פון וויסען און גלויבען. דער וואָס וויל אין גאַנצען פערשטעהן אַנאַטעמאַ, מוז גוט קענען די געשיכטע פונ'ם טייוועל, פון דעם ערשטען בעגינען ביז אויף אונזערע טעג.

אויב איך האָב ניט קיין טעות, מוזען מיר זוכען דעם אָנהויב פון דעם טייוועל־געדאַנק נאָך אין יענע פּאָליטעאיסטישע צייטען, ווען געטער האָבען געקעמפּפט אַנטקעגען געטער און איינער פון די קאַמפּף־מאָטיוון איז געוועזען — דער מענש. אין דער אַלט־באַבילאָנישער מיטאָלאָגיע געפינען מיר שוין דעם דאָזיגען קאַמפּף־מאָטיוו. דאָרטען זעהען מיר שוין אַ גאָטהייט, וואָס נעהמט אין שוטץ דעם מענשען אַנטקעגען דעם צאָרן פון די איבעריגע געטער. אָט דער מענשען־פריינדליכער גאָט איז — מערקווירדיג גענוג — דער אָנהויב פון דעם טייפעל.

עס איז גאָר קיין ספק ניט, אַז די לעגענדע פון דעם שלאַנג און דעם עץ־הדעת, וואָס מיר געפינען אין חומש, איז אַן איבער־בלייבס פון יענע מיטען, וואָס האָבען געשילדערט דעם קאמפף פון די מענשען־פריינדליכע געטער אנטקעגען די מענשען־פיינד־ליכע, און זי געהערט צו דעם זעלביגען ציקל פון גדאַנקען, וועלכע האָבען אין גריעכענלאַנד אַרויסגעבראַכט די געשטאַלט פון פּראָ־מעטעאוס, וואָס האָט גע׳גנב׳עט ביי די געטער דעם פייער און האָט עס געבראַכט צו די מענשען.

אין דער אידישער לעגענדע וועגען דעם נחש און דעם עץ־הדעת, איז דער געטליכער כאַראַקטער פון דער שלאַנג אין גאַנצען פערשוואונדען געוואָרען. דער נחש, ווי ער ווערט געשילדערט אין חומש, איז אַ פּשוט׳ע שלאַנג, מעהר נישט די קליגסטע פון אַלע חיות. אויך איז שווער צו געפינען אין איהר אַ שפּור פון בעזונ־דערע מענשען־פריינדליכקייט. דער נחש איז אַ ריינער טהעאָרע־טיקער, וואָס האָט זיך אינטערעסירט מיט דער זאַך, ווי זי איז, צוליעב דעם ריינעם אמת, — אַ ריינער טהעאָרעטיקער, וואָס לעבט נאָר מיט׳ן שכל, אָהן אַ ברעקעל הארץ און געפיהל. ער האָט גע־וואוסט, אַז גאָט האָט פערבאָטען דעם עץ־הדעת מיט דער בעגרינ־דונג, אַז זיינע פּירות ברענגען דעם טויט, און דאָס איז געווען ניט אמת, האָט ער עס דערצעהלט דעם מענשען. ער האָט זיך ניט אריינגעטראַכט אין דער זאַך מיט׳ן געפיהל, ער האָט ניט געוואוסט, אַז דער מענש איז בעשאַפען געוואָרען אַ שטערבליכער און אַז אין אַזאַ לאַגע מוז איהם דאָס וויסען ברענגען פּיין — יוסיף דעת, יוסיף מכאוב, — און אַז עס איז בעסער פאַר דעם מענשען תמימות׳דיג צו גלויבען אין גאָט און ניט צו טראַכטען וועגען קיין זאַך, אויב ער וויל בלייבען אין גן־עדן. און דערפאַר האָט איהם גאָט פערשאָלטען. דאָס, וועניגסטענס, איז דער אינוועניגסטער זין פון דער פרומער ביבלישער לעגענדע.

געוויס בייט זיך אין גאַנצען איבער דאָס בילד, ווען מיר געהען איבער פון דער ביבלישער שלאַנג צו דעם נחש הקדמוני, ווי ער ווערט אויסגעמאָלט אין דער תלמודישער און דער קאַבאַ־ליסטישער פּעריאָדע פון דעם אידישען שאַפען. אָבער די אַלע לעגענדען קאָנען מיר לאָזען אָן אַ זייט, ווייל עס גלויבט זיך ניט,

אז אנדרעיעוו האָט פון זיי עפּעס געוואוסט. פון דעם אידישען שאַפען מוזען מיר נאָר דערמאָהנען אַנאַטעמאַ'ס דריטען גלגול, דעם שטן, מיט וועלכען מיר זענען בעקאַנט געוואָרען ביי איוב'ן. איוב'ס שטן איז שוין אַן אויסגעשפּראָכענער פיינד פון דעם מענשען. ער זאָל האָבען אַ וועלכע עס איז שיכות צו דעם טהעאָרעטישען וויסען, צו דעם עץ־הדעת, זעהט מען ניט איין. ער איז איינער פון די בני־אלהים, וואָס האָט ניט וואָס צו טהאָן, שפּאַצירט ער איבער דער וועלט און איז געפאַלען אויף זעהר אַן עדעלער בעשעפטיגונג. ער איז געוואָרען מיט'ן אייגענעם ווילען אַ שפּיאָן אין דעם אויבערשטענס אינטערעסען; גאָט'ס אַ טרייער דיענער און משולח. אויב איהר ווילט: אַן עהרליכער פּראָוואָקאַטאָר אין דעם דיענסט פון זיין אַלמאַכטיגקייט, דעם האדר פון דער גאַנצער וועלט. ער פלעגט אריינגנארען די נשמה אין די נעצען פון דער טומאה, און פלעגט דערנאָך בעריכטען וועגען דעם אין דער הימעלשער „טרעטיע אָטדעלעניע".

די געשטאַלט פון דעם אַלטען שטן איז פון דער מענשהייט אויסגעטראַכט געוואָרען אין יענער צייט, ווען פאַר איהר איז „רעליגיאָן" און „מאָראַל" געווען איין־און־דיזעלביגע זאַך. ווען זי האָט זיך ניט געקאָנט פאָרשטעלען אַ מאָראַלישען לעבען אָהן דעם גלויבען אין גאָט. אויף דעם מענשענס שכל, וואָס האָט שוין יעמאָלט געפּרובט אריינוואָרפען אין ספק גאָט'ס אַל־מאַכט אָדער גאָט'ס גערעכטיגקייט, אָדער — גאָט זאָל שומר ומציל זיין! — די עקזיסטענץ גופא פון אַ גאָט, האָט מען געקוקט ווי אויף אַן אָנשיקעניס פון דעם טייוועל, אין בעסטען פאַל — ווי אויף אַ נסיון פון גאָט — אויסצופּרובען די שטאַרקייט פון דעם מענשליכען גלויבען, און דאָפּעלט צו בעלוינען יענע, וואס האָבען זיך ניט געלאָזט פערבלענדען פון דעם פאַלשען ליכט, וואָס דעם מענשענס שכל קאָן ארויסברענגען.

די צייטען האָבען זיך אָבער געענדערט. דער אַלטער גלויבען איז אונטערגעגראָבען געוואָרען פון דעם מענשענס ספיקות, און דער שכל האָט גענומען בויען זיין וועלט אויף דעם שטודיום פון דער נאַטור, — דאָס איז געווען אַ שטאָלצער שכל, אַ פרייער, וואס האָט זיך נאָר וואָס ארויסגעריסען פון די גלויבענס־קעיטען

און האָט צום ערשטען מאָל אויסגעפּרובט זיין זעלבסטשטענדיגקייט און מאַכט אויף דעם שטודיום פון דער נאַטור און אין דעם בע־הערשען פון איהרע קרעפטען. גאָט און דער גלויבען זענען גע־וואָרען איבעריג. די בעפריעדיגונג פון די מאַטעריעלע נויטען האָט מען גענומען זוכען אין דעם קאַמפּף אַנטקעגען די אַלטע יסודות פון דעם געזעלשאַפטליכען לעבען, וועלכע די אַלטע רעליגיע האָט געהאַלטען פאַר הייליג. דעם מקור פון די מאָראַלישע גע־באָטען האָט מען אויסגעפונען אין דער טבע פון דעם מענשליכען שכל גופא און אין די בעדינגונגען פון דעם מענשליכען געזעל־שאַפטליכען לעבען.

עס האָבען זיך געענדערט די צייטען און אויך דער שטן האָט בעקומען אַ גאַנץ אַנדער געשטאַלט. פון אַ „פּראָוואָקאַטאָר מיט גאָט׳ס חסד“, איז ער געוואָרען אַ רעוואָלוציאָנער פון דעם שכל׳ס גענאַד. דאָס איז שוין בייראָן׳ס „ליוציפער“, לערמאָנטאָוו׳ס „דעמאָן“. פאַר דעם מענשען טרעט ער נאָך אַלץ ארוים ווי אַ יצר־הרע, וואָס רעדט אָן אויף דעם רבונו־של־עולם אַל דאָס בייז און טרייבט דעם מענשען צו בעגעהן „זינד“, וואָס זענען אָן אומ־ווערדיגקייט אין די אויגען פון גאָט. אָבער זיינע מאָטיווען זענען ניט פּראָוואָקאַטאָרישע, נאָר ריין רעוואָלוציאָנערע. ער קעמפּפט אַנטקעגען גאָט, אַ שטאָלצער און אַ פרייער. ער קעמפּפט אַנט־קעגען דער גאַנצער דמיון־וועלט, וואָס דעם מענשענס רעליגיעזער געפיהל האָט בעשאַפען; ער קעמפּפט אויך אַנטקעגען יענע „מצוות“ און „עבירות“, מיט וועלכע דער רעליגיעזער גייסט האָט געוואָלט האַלטען אין צוים דעם שטאָלצען, פרייען, זעלבסטשטענדיגען מענשליכען ווילען. און האָבען לוציפער און דעמאָן ניט געמאָגט זיין שטאָלץ אויף זייער קראַפט? האָבען זיי ניט אַראָבגעשלעפּט דעם רבונו־של־עולם פון זיין טהראָן? האָבען זיי ניט ארויסגעריסען דעם דונער און דעם בליטץ פון זיינע הענד און ניט אריינגעלעגט זיי אין די הענד פון דעם פיזיקער? און אויב דעם מענשען׳ס שכל איז ניט אין גאַנצען געוואָרען דער באַלעבאָס איבער דער נאַטור, — האָבען זיי דען ניט געמאָגט גלויבען, אַז זיין מאַכט וועט פער־שטאַרקט ווערען פון טאָג צו טאָג און אַז זיין פאָלשטענדיגע הער־שאַפט איז ניט מעהר ווי אַ פראַגע פון צייט? —

אויף „לוציפער“ און „דעמאָן“ זיינען געווען „אַנאַטעמאַס“, פון גאָט פערשאָלטענע, אריינגעוואָרפענע אין חרם. אָבער אין דעם גופא האָבען זיי געשעפּט זייער שטאָלץ. עס איז געקומען פאַר זיי אַ צייט, ווען זיי האָבען אויף אַ חרם געקאָנט ענטפערען מיט אַ חרם....

אונזער אַנאַטעמאַ איז אַ זוהן אָדער אַן אייניקעל פון לוציפער און דעמאָן. ריכטיגער: זייער איצטיגער גלגול, דער דעמאָן פון אונ־זער טאָג. אָבער — אַך, ווי ער האָט זיך איבערגעביטען, ווי ער קוקט, נעבעך, אויס!

זעהט, ווי אַנדרעעוו מאָלט איהם אָב:

„אַרומקוקענדיג זיך ווילד און צושראָקען“, לייענען מיר גאָר אין אָנהויב פון דעם פּראָלאָג, „בעווייזט זיך צווישען די שטיינער אַנאַטעמאַ — אַזוי רופט מען דעם, וואָס איז פערשאָלטען געוואָרען. צופאַלענדיג צו די גרויע שטיינער, אַליין גרוי, פאָרזיכטיג און בייגזאַם ווי אַ שלאַנג, וואָס זוכט אַ נאָרע, גנב'עט ער זיך שטיל אונ־טער צו עמיצען, וואָס איז דער שומר פון אַריינגאַנג, טראַכטענדיג צו דערשלאָגען איהם מיט אַן אונערוואַרטעטען קלאַפּ. אָבער ער שרעקט זיך פאַר זיין אייגענער העזה און אויפשפּרינגענדיג אויף די פיס, לאַכט ער, בייז און זיך רייצענדיג. ער זעצט זיך צו דערנאָך אויף אַ שטיין, גאָר אַזוי ווי פריי, אונאַבהענגיג און וואַרפט קליינע שטיינדלעך צו די פיס פונ'ם עמיצען, וואָס היט דעם אַריינגאַנג. זייענדיג ביטרע, בעהאַלט ער זיין שרעק אונטער דער מאַסקע פון שפּאָט און פון לייכטער פרעכהייט. אַ דאַנק דער שוואַכער בעלייכ־טונג וואָס איז גרוי און פאַרבלאָז, זעהט אויס דער קאָפּ פון דעם פערפלוכטען מורא'דיג גרויס; בעזאָנדערס גרויס איז זיין שטערען, וואָס איז ווי אַ קופּאָל און איז דורכגעשניטען מיט קנייטשען פון פרוכטלאָזע געדאַנקען און פון אונגעלייזטע, זינט יאָהרהונדערטער אויפגעשטעלטע פראַגען. דאָס שיטער בערדעל פון אַנאַטעמאַ איז אין גאַנצען גראָה. ווייס־גראָה זיינען אויך זיינע האָר, וואָס זיינען אַמאָל געווען שוואַרץ ווי פעך און איצט זיינען זיי אויפגעקודלעט אויף זיין קאָפּ ווי ווילדע קאָלטענעס. אונרוהיג אין זיינע בעוועגונ־גען, וויל ער אומזיסט בעהאַלטען די שטענדיגע אונרוהיגקייט און אויפרעגונג, וואָס צופרעסט איהם, און זיין אימפּעט, וואָס איז אָהן

א צוועק. אין זיין אַהנמעכטיגען אייפער געגען דער שטאָלצער אונ־בעוועגליכקייט פון דעם עמיצען, וואָס איז דער שומר פון אריינ־גאנג, ווערט ער אויף א ווײלע שטיל אין א פּאָזע פון שטאָלצע גדלות; אָבער אין א מינוט אַרום, א געמאַטערטער פון זיך יאָגען תמיד נאָך עפּעס, וואָס פערשווינדט, וואַרפט ער זיך און קנייטשט זיך אין שטומע בעוועגונגען, אזוי ווי א וואָרעם אונטערן פוס. און אין זיינע פראַגען איז ער שנעל, אויפגעבראכט, אזוי ווי א וויכער, שעפּענדיג זיין קראַפט אין זיין בייזקייט און זיין אייגענעם אַרומ־דרעהען זיך; אָבער מיטשלעפּענדיג מיט זיך קליינינקייטען, צו־פאַלט ער אַהנמעכטיג פאַר דעם פּנים פון דער פערשוויגענקייט.“

איהר זעהט דאָ אין דער בעשרייבונג קודם כל שטריכען פון דעם אַלטען „נחש“, זיין גאַנצעם שלאַנגענאַרטיגעם אויסזעהן. שפּעטער דערוויסען מיר זיך, אַז ער איז אויך ווי דער נחש געבליבען דער ריינער טהעאָרעטיקער, וואָס זוכט דעם אמת צוליעב דעם אמת, די גרויסע קאָפּ מיט דער לעדיגער האַרץ. און אויך דעם שטן׳ס געוועהנונג אַרומצודרעהען זיך איבער דער וועלט און אומגעהן „שלינג און שלאַנג“ שטעקט נאָך איהם אין דעם בלוט. אָבער וואָס איז געוואָרען פון יענעם גרויסען שטאָלץ, וועלכען זיינע עלטערן „לוציפער“ און „דעמאָן“ האָבען געהאַט אין זיך? אַך, פון יענעם שטאָלץ איז שוין ניט געבליבען קיין שפּור. שטעלט ער זיך אמאָל אוועק אין דער פּאָזע פון אַן אַקטיאָר, מאַכט ער חוזק פון זיך אַליין. זייער חוזק האָט ער גע׳ירשה׳נט, יענעם וואָלטער׳ישען חוזק, מיט וועלכען די השכלה־צייט האָט בעגאָסען דעם רעליגיעזען גלויבען, אָבער אויך דער איז ביי איהם פערוואַנדעלט געוואָרען אין א היינע׳שע זעלבסט־איראָניע. אַנאַטעמאַ לאַכט פון זיך אַליין.

און פון דעסטוועגען איז ער געבליבען דער לוציפער! דער פירסט פון דעם שכל מיט דעם שטאָלצען גלויבען, אַז נאָר מיט דעם שכל קאָן מען געפינען דעם אמת און דורך דעם שכל ווערען א גאָט. דער גאַנצער אונגליק, וואָס מיט איהם האָט געטראָפען, איז, וואָס אין זיין שטאָלצען קלעטערען באַרג אַרויף, צו עראָבערן אַלע הימלען, האָט ער זיך אָנגעשטויסען אויף די אייזערנע טויערן, די אייביג פערשלאָסענע טויערן, וואָס לעגען אוועק א גרענעץ צו זיין וויסען און ממילא צו זיין מאַכט. איהם גלויבט זיך נאָך ניט, אַז דאָ איז

דער סוף פון זיין הערשאפט. ער וויל נעהמען די הימלען מיט שטור־רעם, אָבער ער ווערט צוריקגעשליידערט ניט דורך אַן איבערנאַטיר־ליכע מאכט, נאָר דורך דעם אייגענעם ספק אין זיינע כחות. אַך! ווי איהם וואָלט זיך געוואָלט אריינבליקען הינטער די טויערן, אויס־געפינען דעם סוד פון גאָט'ס מאכט און אַליין ווערען אַ גאָט — ווערען אַ גאָט — ווערען אַ גאָט! און צייטענווייז פלאַמט אין איהם אויף דאָס בעוואוסטזיין פון זיין אייגענער גרויס און פון דעם, וואָס ער האָט אויפגעטהאָן. און אין דעם נאָמען פון זיין גרויס פיהרט ער דעם פּראָצעס פון דעם מענשען, דעם פּראָצעס פון דעם מ ע נ ש ל י כ ע ן שכל אַנטקעגען דעם גאָט, אַנטקעגען דעם רעלי־גיעזען געפיהל.

„איך וויים אַלץ", זאָגט ער ווענען זיך. „איך בין אריינגעדרונ־גען אין דעם זין פון אַלץ. איך וויים די געזעצען פון די צאָהלען און דער ספר פון שיקזאַל איז אָפען פאַר מיר". „מיט איין בליק נעהם איך אַרום דאָס לעבען". און אין אַן אַנדער אָרט זאָגט ער: „איך בין אין גאַנצען מאָס און צאָהל"...

יע! דאָס איז ער, דער מענשליכער שכל, ווי ער האָט זיך ארויסגעוויקעלט אין דעם נייענצעהנטען יאָהרהונדערט, מיט זיינע גרויסע נצחונות אויף דעם פעלד פון דער מאַטעמאַטישער נאַטור־וויסענשאַפט און מיט דער נאָך גרעסערער פּרעטענזיע — אַלע סודות פון דער וועלט צוריקצופיהרען צו אַ שפּיעל פון טויטע אַטאָ־מען. אָבער בעת אין דעם אָנהויב פון זיין שטאָלצען וויסענשאַפט־ליכען פאָרשען האָט ער געמיינט, אַז ער ברענגט גליק מיט זיך, אַז דורך איהם וועט דער מענש ווערען דער בעל־הבית איבער דעם אייגענעם שיקזאַל און אַלע דמיונות פון דער אַלטער רעליגיאָן ווע־לען פערשווינדען אין דעם שיין פון דעם מענשליכען גליק, האָט ער געמוזט איינזעהן, אַז ער האָט געהאט אַ טעות, און פון דעם אָפּטי־מיסט איז ער געוואָרען אַ פּעסימיסט.

איך קאָן דאָ ניט אריינלאָזען זיך אין אַ חקירה, וואָס וואָלט אונז בעוויזען, ווי אַזוי דער מאַטעריאַליזם און דער מיט איהם אָפּט פערבונדענער אַטהעאיזם מוזען פיהרען צו אַ פינסטערען בליק אויף דעם מענשען'ס גורל. דאָ וועט גענוג זיין, ווען איך וועל אייך דער־מאָנען נאָר איין זאַך. אויב די גאַנצע וועלט איז ניט מעהר, ווי אַ

טויטע מעכאַניק, וואָס איהר אָרט אַ בּרעקעל ניט וועגען דעם מענ־שען, ווייל זי איז איבערהויפּט טויט און בּלינד, און אויב דעם גאַנצען מענשענ׳ס לעבען איז ניט מעהר ווי אַ חלום, וואָס געדויערט העכ־סטענס אַ יאָהר זיבּעציג, — איז יעמאָלט די גאַנצע וועלט פון דעם מ ע נ ש ל י כ ע ן שטאַנדפּונקט באמת ניט מעהר ווי אַ משוגעת. מיט וואָס קענען פערענטפערט ווערן די אונצעהליגע ליידען, וואָס דער מענש טראָגט אַריבער? וואָס קאָנען איהם געבען די פּאָר צעהנדליגע יאָהר זיין אויף דער וועלט, אויף דער טויטער, בּלינדער וועלט, וואָס איז טויב צו אַלע אונזערע געשרייען און פּאָדערונגען? דאָס איינציגע אָפּטימיסטישע פּראָגראַם, וואָס דער אַטהעאיסטישער מאַטעריאַליזם קאָן על פּי שכל אַרויסבּרענגען איז — „אכול, שתה, כי מחר נמות!“ לאָמיר עסען, טרינקען, ווייל מאָרגען ווערט פון אונז אַ הויפען מיסט! אָבער דאָס איז אַ פּראָגראַם פאַר דער חיה, ניט פאַר דעם מענשען. להיפך אָט צו דעם געבּאָט פונ׳ם שכל, בּויט דער מענש וועלטען פון אמת, יושר און שעהנ־קייט, וועלטען, וואָס צו זיי איז די נאַטור אָרום אין גאַנצען גלייכ־גילטיג, וועלטען, וואָס קאָסטען איהם אָב אונצעהליגע ליידען און קרבנות — נישיים איז דאָס אַלץ נאָר צוליעב די פּאָר צעהנדליג יאָהר פון דעם יחיד׳ס לעבען? און דער מענש פ י ה ל ט, אַז אַלע זיינע ליכטיגע וועלטען זענען אויפגעבּויט אויף אַ פינסטערען תהום פון דער נאַטור׳ס גלייכגילטיגקייט, און ער האָט נאָר איין מיטעל אויסצופילען דעם תהום — אַ גלויבּען אין אַ גאָט, פון וועל־מען עס מוז שטאַמען אַ זין אין דער וועלט און אַ גלויבּען אין דער אייגענער א ו נ ש ט ע ר ב ל י כ ק י י ט, וואָס גיט ערשט אַ זין דעם מענשליכען לעבען אויף ד ע ר וועלט.

פערגעסען מיר ניט, אַז גראָד אין דעם נייענצעהנטען יאָהר־הונדערט איז געזאָגט געוואָרען דאָס גרויסע וואָרט: „גאָט איז אַ ט ר ע ר, געוויינט אין דער שטיל פון דעם מענשען אויף זיין אייגענעם גורל“. געזאָגט האָט דאָס גרויסע וואָרט איינער פון די גרעסטע מאַטעריאַליסטען — פייערבּאַך. פייערבּאַך האָט געמיינט, אַז מיט דעם אויפדעקען פון דעם אמת און מיט דעם וואַקסען פון דעם מענשענ׳ס מאַכט איבּער דער נאַטור, וועט דער מענש אָבּווי־שען זיין טרער, און פרייד וועט הערשען אין זיין האַרצען. אָבער דאָ

איז גראָד געלעגען דער טעות פון דעם מאַטעריאַליזם און דעם אַטהעאיזם. די טרער איז פערטריקענט געוואָרען, אָבער ניט פון פ ר י י ד, נאָר פון אונענדליכער פּיין. בעת דעם מענשענ'ס אויגען האָבען, א דאַנק דעם מאַטעריאַליזם, צום ערשטען מאָל אריינגע־בליקט ווי דער סדר איז אין דעם טויט און אויסגעפונען, אז ער, דער טויט, איז ניט אויפצופלייסען, אז ער איז דער גרויסער, שוואַר־צער „נישט", דער אמת'ער סוף און דער לעצטער תכלית פון דעם מענשענ'ס זיין, איז די טרער פערשוואונדען פון די אויגען, אָבער זי איז צוריק אריין אין דעם מענשענ'ס האַרצען, און ברענט דאָר־טען מיט א העלישער פלאַם. זי רייסט זיך שוין ווידער ארויס פון דאָרטען, אָבער דערווייל איז זי נאָך געבליבען שטעקען אויפ'ן מיטען וועג ערגעץ־וואו אין האַלז...

אָט די ביטערע, אין האַלז שטעקען געבליבענע, ניט אויסגע־וויינטע טרער איז  א נ א ט ע מ א. דאָס איז דער אַטהעאיזם, וואָס בענקט נאָך א נייעם גלויבען אין גאָט און קאָן ניט קומען צו דעם גלויבען, ווייל עס איז ניטא וואו אהין צו שטעלען איהם אין דער ממשלה פון דעם מענשליכען שכל, אין דער ממשלה פון מאָס, וואָג און צאָהל. „אַנאַטעמאַ" ליידט הויפּטזעכליך פון דעם דאָזיגען ווידערשפּרוך. ער וואָלט צוגעפאַלען מיט די ליפּען צו דעם זוים פון דעם „שומר'ס" קלייד און האָט דערנאָך חרטה, און בעריהמט זיך: „ס'איז ניט אמת, אז איך האָב געוואָלט א קוש טהאָן דעם זוים פון דיין קלייד" און שילט איהם מיט די ערגסטע קללות און זלזולים. אַנאַטעמאַ איז דער סימבאָל פון דעם מענשליכען שכל איבערהויפּט, בעת ער טראַכט וועגען זיך אליין, וועגען זיין אייגענעם מהות, וואָס דריקט זיך אויס אין דער אייביגער פאָרמעל: „איך בין א גאָט וואָס בעהערשט די גאַנצע וועלט — איך בין א וואָרעם, וואָס דרעהט זיך אין דרייען אין שטויב". דאָס איז א טראַגעדיע, — א טראַגעדיע, וואָס לאַכט פון זיך אליין. אַנאַטעמאַ איז יענע טראַגישע זעלבסט־איראָניע, וואָס האָט אין דער וועלט־ליטעראַטור געפונען איהר העכסטען אויסדרוק אין דער סקעפּטישער פּאָעזיע פון ה י י נ ר י ך ה י י נ ע, און מיך וואָלט א ברעקעל ניט געוואונדערט, אויב עס וואָלט זיך ארויסגעוויזען, אז די געשטאַלט פון אַנאַטעמאַ איז אויס־געוואַקסען אין אַנדרעעוו'ס קינסטלערישער פאַנטאַזיע אונטער דעם

איינדרוק, וואָס אויף איהר האָט געמאַכט דאָס לייענען פון היינע׳ס ווערק.

אין דעם צושטאַנד פון דעם מענשליכען שכל איז „אַנאַטעמאַ“ דער געבוירענער פערטרעטער פון דעם פ ע ס י מ י ז ם. דאָס מענשליכע לעבען קאָן ניט האָבען קיין זין, כל זמן דער שכל בע־וויזט, אַז פאַר איהם, פאַר דעם מענשען, איז ניטאָ קיין אונשטערב־ליכקייט. און דער גלויבען אין גאָט און אין אונשטערבליכקייט קאָן ניט האָבען קיין זין, כל זמן אין לעבען קאָן פּאַסירען אַזאַ זאַך, ווי דוד לייזער׳ס שיקזאַל.

אָט פאַר וואָס דוד לייזער איז דער בעסטער פּאַקעל פאַר דעם פּעסימיזם אין זיין קאַמפּף געגען דעם אָפּטימיזם, ד. ה. אין דער לעצטער שורה — אַנטקעגען דעם גלויבען אין גאָט און אונשטערב־ליכקייט. און אָט פאַר וואָס ער לויפט מיט אַזאַ שמחה צוריק צו דעם שומר פון דעם אַריינגאַנג מיט דוד׳ס שיקזאַל אין די הענד, ווי מיט אַ קריעגס־רויב, וואָס ער האָט זיך ערוואָרבען.

אַנאַטעמאַ האָט גוט אויסגעפּעכט זיין פּאַקעל. ער איז זיכער, אַז ער האָט אין יענע הימלען, וואו עס וואוינט דער גלויבען אין דעם שכל פון דעם וועלט־אַל, ווי פון אַ שליידערהאָלץ אַריינגעוואָר־פען אַ שאלה, פון וועלכער „עס מוזען אַ ציטער טהאָן די יסודות פון די הויכע הימלען.“

אָבער דאָרטען דערוויסט ער זיך פון דעם „שומר“ אַז דוד לייזער געהערט ניט איהם, און זיין שטאַרקסטער שליידער־שטיין — די טענה פון דעם פּעסימיזם — ווערט צוריקגעשליידערט צו איהם...

ווי אַזוי? ווער איז דער שומר פון דעם אַריינגאַנג?

אויב אַנאַטעמאַ איז דער גייסט פון סקעפּטיציזם און פּעסי־מיזם, פון אייביגע ספיקות אין דעם לעבען און אין דעם מענשען, איז דער שומר פון דעם אַריינגאַנג — ד ע ר ס י מ ב אָ ל פ ו ן ד ע ם ר ע ל י ג י ע ז ע ן ג ע פ י ה ל. דער רעליגיעזער געפיהל שטעהט, לויט אַנדרעעוו׳ן, אויף דער גרענעץ פון צוויי וועלטען. „ער זעהט אויס ווי אַ מענש, אין אמת׳ן אָבער איז ער אַ גייסט“, ער שווייגט. אָבער דאָס שווייגט ער נאָר פאַר׳ן שכל. אין אמת׳ן רעדט ער גאַנץ קלאָהר. און אפילו דער שכל, ווען ער הערט זיך צו צו דעם

שווייגען, דוכט זיך איהם אויס, אז דאָרטען ווערט עפּעס גערעדט.

„שווייגסטו אָדער דו רעדסט?“ פרעגט אַנאַטעמאַ ביי דעם שומר. „איך פערשטעה ניט. ביי דעם פערשאָלטענעם איז אַן איידע־לער געהער. אין דיין שווייגען כאַפּט ער אויף שאָטענס פון עפּעס ווערטער. אַן אונקלאָהרע בעוועגונג פון גדאַנקען פיהלט ער אין דער אונענדליכקייט, — אָבער ער פערשטעהט ניט.“

און דער שומר דערקלעהרט איהם, פאַר וואָס ער פערשטעהט ניט. אַנאַטעמאַ קאָן פערשטעהן נאָר דאָס, וואָס לאָזט זיך בענעהמען מיט דעם מענשליכען שכל הישר, נאָר דאָס וואָס קאָן אויסגעדריקט ווערען אין מאָס, אין וואָג און אין צאָהל. דער שכל'דיגער וועלט־גרונד אָבער איז אַ זאַך, וואָס לאָזט זיך ניט אַריינגעהמען אין וועלכע עס איז גרענעצען. ער איז ניט ליעבע, ניט שכל, אפילו ניט גאָט, דערקלעהרט ער אַנאַטעמאַ'ן, ווייל אָט די אַלע קלאָהרע געפּיהד־לען, קרעפטען און בעגריפען קאָן דער מענשליכער שכל ביז צו אַ געוויסער מאָס פערשטעהן. צו דעם שכל'דיגען וועלט־גרונד אָבער קאָן מען אויף דעם וועג פון דעם קלאָהרען גדאַנק בשום אופן ניט קומען.

„מיין פּנים איז אָפען“, זאָגט דער „שומר“ צו אַנאַטעמאַ'ן, “אָבער דו זעהסט אים ניט; מיינע בעפעהלען קלאָר, אָבער דו הערסט זיי ניט. און קיין מאָל ועסטו ניט דערגעהן, דו, אונשטערב־ליכער אין צאָהלען, וואָס איז אָבער נאָך ניט געבוירען פאַר'ן לעבען...“

אַנאַטעמאַ פערשטעהט דעריבער אויך ניט דעם זין פון דוד לייזער'ס לעבען, ליידען און טויט.

„ניט מיט מאָס ווערט אויסגעמאָסטען און ניט מיט צאָהל ווערט אויסגערעכענט און ניט מיט אַ וואָג ווערט אָבגעוואויגען דאָס, וואָס דו ווייסט ניט, אַנאַטעמאַ. די ליכטיגקייט האָט ניט קיין גרע־נעצען, און עס איז ניט געזעצט קיין גבול פאַר דעם פאַנאַנדער־גליהען פון דעם פייער. פאַראַן אַ רויטער פייער, פאַראַן אַ געלער פייער, פאַראַן אַ ווייסער פייער, אויף וועלכען די זון ווערט פער־ברענט ווי געלער שטרוי, און פאַראַן נאָך איינער, אַן אונבעקאַנטער פייער, וועמעס נאָמען קיינער ווייס ניט, ווייל עס איז ניט געזעצט קיין גבול צו דעם פונאַנדערגליהען פון דעם פייער... דוד לייזער, וואָס

איז פערלאָרען געגאַנגען אין דער ממשלה פון צאָהלען, וואָס איז טויט לויט דער מאָס און דער וואָג, האָט דערגרייכט די אונשטערב־ליכקייט און לעבט אונשטערבליך אין דער אונשטערבליכקייט פון פייער... ער לעבט אונשטערבליך אינ'ם ליכט, וואָס איז דאָס לעבען."

אין די ווערטער דריקט דער שומר אויס די גרונד־פּרינציפּען פון דעם גלויבען, דעם ענטפּער אויף אַנאַטעמאַ'ס סקעפּטיציזם און פּעסימיזם. דוד לייזער איז אונשטערבליך! ווי אַזוי? אין וואָס בע־שטעהט די אונשטערבליכקייט פון דעם מענשען, לויט אַנדרעעוו'ס אַנשויאונג? אין דעם ענין מוזען מיר זעהן קלאָהר צו ווערען, ווייל ער איז דער צענטראַל־פּונקט פון דעם גאַנצען ווערק.

לאָמיר זיך אויף אַ ווײַלע אומקעהרען צוריק צו יענעם מאָ־מענט אין דוד'ס לעבען, ווען ער האָט אין זיך דערשפּירט, אַז ער איז אונשטערבליך און ער האָט אָבגעגעבען אַ שבח דערפאַר דעם רבונו־של־עולם און ער האָט געבענשט דעם מענשענ'ס גייסט, „ער זאָל לעבען אונשטערבליך אין דער אונשטערבליכקייט פון דעם פייער, ער זאָל לעבען אושטערבליך אין דער אונשטערבליכקייט פונ'ם ליכט, וואָס איז לעבען."

מיר האָבען יעמאָלט פּשוט אָנגענומען דעם פאַקט — ווי אַ פאַקט און געגלויבט דוד לייזער'ן אָדער אַנדרעעוו'ן אויפ'ן וואָרט. עס איז אַ פאַקט, אַז דוד לייזער האָט דערשפּירט אין זיך אַ געוויי־סען נייעם, איהם פריהער ניט בעקאַנטען צושטאַנד, וועלכען ער האָט אָנגערופען אונשטערבליכקייט.

איצטער מוזען מיר זיך אַביסעל טיעפער אַריינטראַכטען אין דעם פאַקט, ווייל אויך דער „שומר פון דעם אַריינגאַנג" ברענגט איהם ווי אַן ענטפער אויף אַלע טענות פון אַנאַטעמאַ.

אויב מען זאָל אין פּשוט'ע לאָגישע ווערטער אויסדריקען דאָס, וואָס לאָזט זיך אפשר בשום אופן ניט אַריינדריקען אין לאָגישע פאָרמעלן, קאָן מען זאָגען, אַז דוד לייזער האָט אין איין מאָמענט איבערגעלעבט די אונשטערבליכקייט, ד. ה., אַז זיין געפיהל איז אין דעם מאָמענט געווען אַקוראַט אַזוי אונענדליך אין דער ט י ע ף, ווי די געוועהנליכע אונשטערבליכקייט דאַרף, לויט אונזערע מענש־ליכע בעגריפען, זיין אונענדליך אין דער לענג פון דער צייט. און

אַנדרעעוו, ווייזט אויס, זאָגט אונז אַזוי: ניטאָ קיין טויט, ווייל עס איז דאָ אונשטערבליכקייט. אָבער מיר זאָלען די דאָזיגע אונשטערב־ליכקייט ניט זוכען ווי ביז אַהער אין דער אונענדליכער לענג פון דער צייט. מיר האָבען אַן אַנדער אונשטערבליכקייט, אַ בעסערע, וואָס איז אַקוראַט אַזוי פ י ע ל, ווי זי, אָבער ניט אין דער לענג, נאָר אין דער טיעף פון דעם מאָמענט.

אַזאַ אויסטייטשען פון אונשטערבליכקייט איז אין דער לעצ־טער צייט שוין געוואָרען ניט ניי. מען געפינט זי אַחוץ אַנדרעעוו'ן אויך, צ. ב., ביי פּשיבישעווסקי'ן. אויף וויפיעל מיר איז בעקאַנט פון פּריוואַט־געשפּרעכען מיט מענשען, וואָס האָבען זיך בעגעגענט מיט דעם דאָזיגען נייעם פּירוש אויף דעם אייביגען לעבען און וואָס האָבען געטראַכט וועגען איהם, האָבען אַ פולע פון זיי ניט נאָר ניט געקאָנט איינזעהן זיין אמת, — דאָס בלייבט געוויס אַ שאלה, ווי אַלע אַנדערע אייביגע שאלות, — נאָר דער געדאַנק גופא פון אַן אונענדליכקייט, וואָס דויערט אין דער צייט ניט מעהר ווי אַ מאָ־מענט, וויל זיך ביי זיי ניט גאָר גוט לעגען אויפ'ן שכל.

אָבער אין דעם בעגריף פון אַן „אונענדליכען הרף־עין" איז בעצם ניטאָ קיין ברעקעל ווידערשפּרוך, און דעם געדאַנק, וואָס ליעגט אויף זיין גרונד, קאָן מען גאַנץ גרינג פערשטעהן.

שטעלט אייך פאָר, דער מלאך גבריאל וואָלט געקומען צו אייך און וואָלט אייך צוגעזאָגט אַן אייביגען לעבען אויף דער וועלט, נאָר מיט דעם תנאי, אַז אייערע קרעפטען זאָלען זיך אויסלעבען, ווי זיי לעבען זיך אויס ביי אַלע מענשען; אַז איהר זאָלט דערגרייכען דעם העכסטען אַלטער, און מיט יעדען יאָהר זאָלען פערשווינדען אייערע דאגות און אייערע תאוות, אייערע השלמות און אייערע בעדערפֿני־סען. סוף־כל־סוף וועט איהר אַריינפאַלען אין אַן אייביגען אונבעַ־וואוסטען דרעמעל אָהן חלומות, און דאָס איינציגע, וואָס איהר וועט האָבען פון דעם לעבען, וועט בעשטעהן, לאָמיר זאָגען, אין דעם: איהר וועט זיך אַלע פריהמאָרגען אויפכאַפּען פונ'ם שלאָף, אַריינ־נעהמען אַ פינף־זעקס לעפעלעך מעטשניקאָוו'ס זויער־מילך, — ניט מעהר ווי זעקס לעפעלעך זויער־מילך, — ווייל דאָס איז אַלץ, וואָס איהר קאָנט פערטראָגען, צו וואָס איהר האָט לוסט און וואָס איהר דאַרפט, כדי ווייטער צו שפּינען דעם פאָדעם פון אייער אונשטערב־

ליכקייט. נאָר אין יענע פּאָר רגע׳ס, ווען איהר וועט עסען אייער זויער־מילך, וועט איהר וויסען, אַז איהר לעבט. פריידיג און מעשה גרויסער בריה וועט איהר יעמאָלט זאָגען צו זיך אַליין: „און היינט האָב איך ווידער אויפגעגעסען זעקס לעפעלעך זויערינקע מילכעלע“ — און איהר וועט ווידער אַריינפאַלען אין דעם אונבעוואוסטען דרעמעל אָהן חלומות. און אַזוי כסדר עד סוף כל הדורות...

געפעלט אייך אַזאַ׳ן אידעאַל פון אונשטערבליכקייט?

געוויס: אויב איהר זייט איינגעמאַטערט פונ׳ם לעבען און אין דערזעלבינער צייט איז אין אייך נאָך ניט געשטילט געוואָרען דער דאָרשט צום לעבען, וועט איהר, מיט אַ פריידיגען זיפץ, ענטפערן: „אָך, פאַר וואָס ניט? מיט דעם גרעסטען פערגעניגען! קיין בעסערען טויט וואָלטען מיר זיך ניט געקאָנט ווינשען!...“

אָבער — הערט זיך איין, וואָס איהר רעדט. איהר האָט נאָר וואָס געזאָגט: ד ע ר ט ו י ט. און אין דער אמת׳ן! די גאַנצע נפקא מינה צווישען אייער אונשטערבליכען לעבען און דעם טויט איז איינגעשרומפּט געוואָרען צו — זעקס לעפעלעך „זויערינקע מילכעלע“...

איצטער לאָזט מיך מיט אייך — זיך אַביסעלע דינגען. ווי איז, אַז איך וועל אייך אין דעם נאָמען פון דעם מלאך גבריאל געבען אָנשטאָט דער גאַנצער אונשטערבליכקייט, ניט מעהר ווי אַ העלפט פון איהר, דערפאַר וועל איך אָבער צולעגען צו די זויער־מילך, אַ זעקס לעפעלעך שאַמפּאַניער אַלע טאָג? — נעהמט אָן! נעהמט אָן! איך זאָג אייך, עס איז אַ מציאה פון אַ גנב! ווייל דאָ גיט מען אייך פאַר יעדעם לעפעלע זויער־מילך — אַ לעפעלע שאַמפּאַניער.

איהר פערשטעהט שוין, וואוהין אונזער דינגען זיך וועט פיהרען. מיר וועלען בייטען און בייטען אַלץ מעהר לעדיג־וויסטע צייט אויף אַלץ אַ רייכערען און טיעפערען געפיהל. עס איז אַקוראַט, ווי מיר וואָלטען פון דעם צענטר פון אונזער „איך“ געצויגען צוויי אונענדליכע ליניען: איינע אין דער לענג פון דער צייט, די אַנדערע — ווי אַ פערפּענדיקולאַר צו איהר — אין דער טיעף פון דעם געפיהל. און וואָס מעהר „לענג“ מיר שניידען אָב פון דער צייט, אַלץ מעהר טיעף גיבען מיר צו אין געפיהל, ביז עס קומט דער מאָמענט, ווען די גאַנצע אונענדליכע לענג פון דער צייט ווערט

פערוואַנדעלט אין אַן אונענדליכע טיעף פון געפיהל, וואָס דויערט ניט מעהר, ווי איין הרף־עין.

דאָס איז די לאָגיש־מאַטעמאַטישע זייט פון דעם נייעם אונ־שטערבליכקייטס־געדאַנק. אָבער דער לאָגיש־מאַטעמאַטישער בע־גריף דריקט אויס ניט מעהר, ווי אַ געדאַנקליכע מ ע ג ל י כ־ ק י י ט. ווירקליך קאָן די מעגליכקייט ווערן ערשט אין דעם געפיהל גופא; ווען זי הערט אויף צו זיין לאָגיק און מטושטש'ע פאָרשטע־לונג, און ווערט רעאַלע פסיכאָלאָגיע, — אַ געפיהל פון אונענדליכען „פייער" אין דער נשמה, ווי דוד לייזער כאַראַקטעריזירט איהם.

איז אַזאַ געפיהל מעגליך? קאָנען מיר, די אַלע, וואָס האָבען איהם ניט דורכגעלעבט, קאָנען מיר זיך פאָרשטעלען, אַז אַ מענש זאָל פ י ה ל ע ן די אונשטערבליכקייט אין דער טיעף פון דעם געפיהל? — פאַר וואָס ניט? כדי צו פיהלען די ע נ ד ל י כ־ ק י י ט, אָדער די שטערבליכקייט פון דעם געפיהל, מוז אין דער נשמה זיין אַ וועלכער עס איז אַנדער געפיהל, אָדער אַ וועלכער עס איז אַנדער פסיכישער צושטאַנד, וואָס בעגרענעצט איהם, וואָס פערנעהמט פּלאַץ לעבען איהם. עס איז אויך גענוג אַז ערגעץ וואו אין דער נשמה זאָל זיך פיהלען אַ שטיקעלע פוסטקייט, כדי מיר זאָלען אויפ'ן שטעל שפּירען, אַז דער גרעסטער גליק, וואָס מיר לעבען דורך, איז ניט אונענדליך, אַז ער איז פערגענגליך און ד. ה. שטערבליך. ווי איז אָבער, אַז דער גליק איז אַזוי טיעף און שטאַרק, אַז ער פילט מיט איין מאָל אויס אַלע ווינקעלעך פון דער נשמה, אַז אַלע איהרע פערוואָרפענסטע און פערשלאָפענסטע פייערן צינדען זיך מיט אַמאָל אָן צו אַ העלען פלאַקער, — אַזוי אַז קיין אַנדער געפיהל קאָן יעמאָלט ניט אריין אין איהר? מוז זיך יעמאָלט ניט אוי ס ד ו כ ט ע ן, אַז מען איז אונשטערבליך? איהר קאָנט א י ן ק אָ פ אויך נאָך איצטער האָבען דעם געדאַנק וועגען דעם, אַז אַלע מענשען שטאַרבען און ממילא וועט איהר אויך מוזען אוועק פון דער וועלט. נאָר — כדי דער געדאַנק זאָל האָבען אַ ברע־קעלע ממשות פאַר אייך, ער זאָל אייך, לאָז זיין, אַ האָרעלע ריהרען, אייך זאָל, אַ האָרעלע ארען פאַר איהם, מוז ער ארויסרופען אין אייך, לכל הפחות, דעם שוואַכסטען שאָטען פון אַ געפיהל. אָבער אַלע וועלטען פון אייער נשמה שטעהען אין העלע פלאַמען פון

ליעבע און גליק. און אַז איהר געהט יעמאָלט אַריין אין אייער אייגענער נשמה מיט דעם געדאַנקען פון טויט, געפינט איהר, אַז פאַר איהם איז דאָרטען בפּועל־ממש ערגעץ קיין פּלאַץ ניטאָ. און דאָס וואָס קאָן ניט זיין אין אונזער געפיהל, קאָן ניט זיין אין אונזער אמת׳ן גלויבען. איהר פערשטעהט פּשוט יעמאָלט ניט, ווי אַזוי מען קאָן רעדען וועגען טויט און איהר פרעגט אין איינעם מיט דוד לייזער׳ן: „וואָסער טויט? ווער, דער צרה׳דיגער, האָט דאָס אויסגעטראַכט דאָס משונה׳דיגע ווערטעל — טויט?“ אָבער דאָרטען וואו עס איז ניטאָ קיין טויט, איז דאָ — אונשטערבליכקייט און עס איז דעריבער קלאָהר, אַז דוד לייזער האָט נאָר אות באות פאָרמולירט זיין אונענדליכען גליק־געפיהל, בעת ער האָט אויסגעשריען: „ניטאָ פאַר׳ן מענשען קיין טויט! איך בין אונשטערבליך.“

עס קאָן אויך געמאָלט זיין, אַז די אונשטערבליכקייט, וואָס ווערט געפיהלט אין אַזעלכע גליק־מאָמענטען, איז ניט נאָר אַ נעגאַטיווע, וואָס וואַקסט אַרויס פון דעם, וואָס די נשמה קאָן צו זיך ניט צולאָזען דעם געדאַנק פון טויט און ער אַרט איהר ווי די וואַנד. עס קאָן אויך געמאָלט זיין, זאָג איך, אַז דער אונשטערבליכקייטס־געפיהל טרעט אַרויס מיט אַ פּאָזיטיווען כאַראַקטער. צו דעם געפיהל פון אונענדליך טיעפער פרייד קומט צו נאָך אַ נייער געפיהל, — אַ מין בעוואוסטזיין, אַז ער דויערט אונענדליך אין דער צייט. אויך דאָס איז פּסיכאָלאָגיש מעגליך. טרעפט דאָך אָפט, אַז אונז חלומט זיך אַזוינס, וואָס דויערט שטונדען און שטונדען, בעת פאַר דעם פּראָצעס אין חלום׳ען איז ניט געווען קיין צייט מעהר ווי אַ פּאָר סעקונדען. פאַר וואָס זאָל די סעקונדע, וואָס קאָן זיך אין חלום אויסציהען אין שעה׳ן זיך ניט קאָנען אין גליק־עקסטאַז אויסציהען אין אונענדליכקייט?

און נאָך אַ דריטע פּסיכאָלאָגישע מעגליכקייט טאָר מען ניט אַרויסלאָזען אויס׳ן אויג. עס קאָן אין דעם מאָמענט פון העכסטען עקסטאַז געבוירען ווערען גאָר אַ נייער געפיהל, וועלכען מענשען אין אַ נאָרמאַלען צושטאַנד קאָנען גאָר ניט משיג זיין. מען קאָן נאָר זאָגען איין זאַך: מען האָט געפיהלט „אונענדליכקייט“, אַ גאַנץ בעשטימטע זאַך, וועלכע מען קאָן אָבער בשום אופן ניט בעשרייבען. וועניגסטענס, פערזיכערט אונז דאָסטאָיעווסקי, וואָס האָט

געליטען פון דער פאלליגער, אז א סעקונדע פאר דעם, ווי עס פלעגט קומען אויף איהם דער אָנפאל, פלעגט ער איבערלעבען ניט נאָר א געפיהל פון אונענדליכער פרייד, נאָר אויך א פריידיגען געפיהל פון אונענדליכקייט.

ווענען די אלע דריי ארטען פון פסיכאָלאָגישער אונשטערבליכ־קייט, מוזען מיר צוגעבען, אז זיי קאָנען פּאַסירען מיט דער מענש־ליכער נשמה, און אז באמת גליקליך איז געוועזען דער, וואָס האָט זיי דורכגעלעבט. דאָס איז זעהר א וויכטיגער רעזולטאַט, ווען מיר טראַכטען ווענען דעם פּראָבלעם פון דעם מענשליכען גליק. אָבער ער פערענטפערט ניט די שאלה ווענען לעבען און טויט. פאַר דוד לייזער׳ן און דאָסטאָיעווסקי׳ן איז די אונשטערבליכקייט געוועזען א פ א ק ט. דאָס איז, אמת, גענוג וואונדערליך און שווער בעגרייפ־ליך, — אָבער ס׳איז א פאַקט, וועלכען מיר האָבען קיין רעכט ניט צו בעצווייפלען, ווייל מיר האָבען פאַר איהם א לאָגישע, שיער ניט קיין מאַטעמאַטישע, און א פסיכאָלאָגישע דערקלעהרונג. אבער די אונשטערבליכקייט איז דאָך פּאָרט געוועזען ניט מעהר ווי א ס ו ב י ע ק ט י ו ו ע, א זאַך, וואָס האָט זיך אָבגעשפּיעלט נאָר אין זייער נשמה.

מיר אָבער, וואָס שטעהען דרויסען און זעהען דוד לייזער׳ן, אָדער דאָסטאָיעווסקי׳ן, ווי ער צאַפּעלט זיך מיט שוים אויף די ליפּען אין דער חולה־נופלים׳דיגער, — פאַר אונז איז קלאָהר, אז זייער אונשטערבליכקייט און אונענדליכקייט איז ניט מעהר ווי א ד מ י ו ן פון אונשטערבליכקייט און אונענדליכקייט, ווייל אין דער אמת׳ן איז זייער „אייביגקייט" ארומגעגרעניצט אין רוים און אין צייט. זי שפּיעלט זיך אָב ניט ערגעץ וואו אַנדערש, נאָר אין די פּאָר קובישע דעצי־מעטער׳ן, וואָס זייער גוף פערנעהמט אין רוים, און ניט ערגעץ ווען אַנדערש, ווי נאָר אין איין איינציגער ר ג ע, אין איין איינציגען פּולס־שלאָג פון דער צייט. עס פערפליהט דער הרף־עין און מיט איהם אויך די גאַצע אונענדליכקייט פון דער טיעף. וואָס פאַר א ווערטה האָט זי דען פאַר דאָס גאַנצע זיין?

אויף דער שאלה איז נאָר דאָ איין ענטפער, די דריטע מעג־ליכקייט, וואָס מיר האָבען נאָך ניט בעטראַכט, די מ ע ט א פ י ז י ש ע. איך וועל דאָ ניט אויסרעכענען אַלע יענע פילאָסאָפישע ארגו־

מענטשן, וואָס האָבן זעהר גרויסע דענקער געבראַכט צו דער ער־קענטניס, אַז רוים און צייט זיינען ניט קיין רעאַלע ווירקליכקייטען אין דער וועלט, נאָר: אָדער נישט מעהר ווי אַ דמיון אין אונז, — אַ נויטווענדיגער דמיון,—פון וועלכען מיר קאָנען זיך ניט בעפרייען, אָבער פון דעסטוועגען פאָרט ניט מעהר ווי אַ דמיון; אָדער ניט מעהר ווי אַ דמיון׳דיגער מ ל ב ו ש, וואָס עקזיסטירט אויף דרויסען פון אונז. דער מלבוש פערדעקט, ווי מיט אַ פאַנטאַסטישען שלייער, דעם אייגענטליכען תמצית פון דער וועלט, וואָס איז, לויט זיין טבע נאָך, אַ ריין רוחניות׳דיגע זאַך, אויף וועלכער עס איז ניט נופל צו זאָגען „רוים" אָדער „צייט". דער דאָזיגער רוחניות׳דיגער תוך, לאָמיר זאָגען, די גאָטהייט, איז אומעטום אין דער וועלט, אָבער אומעטום, וואו מיר קאָנען זי זעהן, איז זי אָנגעטהאָן אין דעם מ ל ב ו ש פון רוים און צייט. צוריק ליעגט אומעטום, וואו עס איז דאָ רוים און צייט, א י ן דעם מלבוש, — אַלע מאָל גאַנץ, — ווייל זי נויטיגט זיך ניט אין רוים, — די פערבאָרגענע גאָטהייט. איך קאָן זיך דאָ ניט אָבשטעלען אויף יענע אַרגומענטען, ווייל דאָס וואָלט אונז אַוועקגעפיהרט צו ווייט. אָבער די פון אייך, וואָס זענען אביסעל בעקאַנט מיט דער פילאָסאָפיע און איהר געשיכטע, ווייסען, ווי ערנסט יענע אַרגומענטען זענען און ווי גרויס די דענקער זענען, וואָס האָבען זיי אַרויסגעבראַכט.

לאָמיר אויף אַ ווייל אָננעהמען, אַז יענע אַרגומענטען זענען ריכטיג, — אָבגעפּרעגט געוואָרען זענען זיי סאַי־ווי־סאַי קיין מאָל גיט אין דער פילאָסאָפיע, ווי קיין פילאָסאָפישע טהעאָריע איז נאָך עד היום ניט אָבגעפרעגט געוואָרען אַבסאָלוט. אָבער אויב יענע אַר־גומענטען זענען ניט אויף־צו־פּלייסען אמת: וואָס שטערט אונז דען אַ טראַכט צו טהאָן אַ שטייגער אַזוי: אין דעם מאָמענט, ווען די אונענדליכע טיעף פון דעם געפיהל שטעלט זיך אַוועק אויף דעם פּלאַץ פון דער אונענדליכער לענג אין דער צייט, ווען אין דער גשמה ווערט געבוירען די פּסיכאָלאָגישע אונשטערבליכקייט, — יעמאָלט ווערט אויף אַ הרף־עין פערברענט אין איהרע פריידיגע פּלאַמען דער ד מ י ו ן פון רוים און צייט, דער מלבוש, וואָס דעקט צו דעם פערבאָרגענעם גייסטיגען תוך פון דער וועלט, — די גאָטהייט, וואָס איז אומעטום און איז אומעטום גאַנץ. און ווי נאָר

דער מלבוש ווערט אויף אַ הרף־עין פערברענט, אַזוי ווערט איינעם'ס נשמה אַריינגעזונקען אין דער גאָטהייט, און ווי פון אַ בליטץ גע־טראָפען ווערט איהר קלאָהר, אַז זי און די גאָטהייט זענען איין און דיזעלביגע זאַך אָדער, לכל הפּחות, אַז זי איז אַקוראַט אַזוי אונ־שטערבליך, אַקוראַט אַזוי למעלה מן המקום ומן הזמן, אַקוראַט אַזוי פריי פון רוים און צייט, ווי די גאָטהייט אַליין. דאָס געפיהל פון אונשטערבליכקייט ווערט יעמאָלט אַ געצייג, מיט וועל־כען מיר געווינען דעם מעטאַפיזישען אמת, — יענעם אמת, וועלכען מיר קאָנען קיין מאָל ניט געפינען מיט'ן שכל. דאָס געפיהל בליקט אויף אַ הרף־עין אַריין אין דער הייליגער ממשלה, וואָס „הינטער די אייזערנע טויערן", אָבער דאָס קאָן ער נאָר יעמאָלט, ווען די אונענדליכע לענג פון דער צייט ווערט אין איהם פערוואַנדעלט אין דער אונענדליכער טיעף, — נאָר יעמאָלט, ווען ער איז אַליין הייליג און ריין פון יעדער גשמיות, ווי ביי דוד לייזער'ן.

די אונשטערבליכקייט איז שוין איצטער ניט אַ דמיון, וואס איז אַרומגערינגעלט מיט די גרענעצען פון רוים און צייט. זי איז דער ווירקליכער פייער, אין וועלכען עס ווערט פערברענט דער מלבוש פון רוים און צייט.

די התלהבות'דיגע ברכה, וואָס האָט זיך אַרויסגעריסען פון דוד לייזער'ס מויל, איז דעריבער אפשר דער „שהחינו אויף אונ־שטערבליכקייט", וועלכען זיין נשמה האָט געמאַכט, ווי נאָר זי האָט אין דעם פשוט'סטען זין פון דעם וואָרט זיך צונויפגעשטויסען מיט דער פערבאָרגענער אייביגקייט.

איך גלויב, אַז דאָס איז אייגענטליך דער מעטאַפיזישער גע־דאַנק, וועלכען אַנדרעעוו וויל אונז איבערגעבען. דער טויט איז ניט דאָס לעצטע וואָרט אין דעם לעבען פון אַ מענשען. די רעליגיאָן איז אין דעם פונקט גערעכט. אחוץ דער וועלט, וואָס איז אַרומגערינגעלט מיט דעם דמיון־נעץ פון רוים, צייט און אייזערנע נויטווענדינקיי־טען, איז נאָך דאָ אַ יענע־וועלט, די וועלט פון דעם ריינעם גייסטי־גען זיין. און אַריינדרינגען אין די „יענע וועלט" קאָן מען ניט דוקא דורך דעם טויט. אויך ביים לעבען קאָן זיך טרעפען, אַז איינעם'ס נשמה זאָל זיך, לאָז זיין אויף אַ רגע, אַרויסרייסען פון די אילוזאָ־

רישע נעצען און ארייננבליקען אין דעם ריינעם, רוחניות׳דיגען וועלט־
זיין. אט איז דאך דוד לייזער׳ס נשמה אריין אויף איין רגע אין
גן־עדן, — איין רגע, וואס איז אבער ווערטה די גאנצע ערדישע
אייביגקייט.

אויב אנדרעעוו׳ס ווערק וואלט זיך אבגעשטעלט אויף דעם
קולמינאציאנס־פונקט פון דוד׳ס גליק, וואלטען מיר אין איהם גע־
קאנט זעהן ניט מעהר ווי א קינסטלערישע אילוסטראציע צו טאלס־
טאי׳ס טהעאריען. די אייביגע פראבלעמען פון לעבען און טויט זענען
פערענטפערט. דער „אמת וועגען דעם מענשענ׳ס גורל“ איז אויס־
געפונען אויף קלאהר. דאס מענשליכע לעבען איז ניט נאר חושך און
וואהנזין. אין דעם פראצעס פון מענשען־ליעבע רייסט מען זיך ארויס
פון פינסטערנים צו ליכטיגקייט, פון גיהנם צו גן־עדן, — א גן־עדן
פון העכסטען גליק אויף דער וועלט, וואס טראגט נאך אין זיך ניט
נאר די האפענונג, נאר די קלאהרסטע געוויסהייט וועגען אן אייביגען
זיין פון דער אייגענער נשמה. און אפילו אז די אונשטערבליכקייט
וואלט געווען ניט גאר קיין געזיכערטע זאך, נאר א זעהר מעגליכע
השערה, וואס גיט שפייז צו דער גילדענער האפענונג? און אפילו
אז עס וואלט ניט געבליבען קיין ברעקעל פלאץ פאר א וועלכער עס
איז האפענונג אויפ׳ן לעבען נאכ׳ן טויט, — ווער, וואס האט נאר
טיעפער דורכגענומען דעם צער פון אונזער די־וועלטיגען זיין, —
וואלט ניט וועלען אוועקגעבען זיין גאנצען גיהנום׳דיגען לעבען פאר
איין רגע אין גן־עדן? פאר אזא רגע, וואס זאל ביז׳ן טויט אנפילען
זי מיט דער עראינערונג פון דעם גן־עדן און אויף אייביג אויסברע־
נען דעם פחד פון טויט?

„געווים“, וועט איהר מיר ענטפערען, „פאר אזא מאמענט פון
העכסטען מענשליכען גליק, וועלכען דוד לייזער האט איבערגעלעבט
אין דער צייט פון זיין טריאומף, איז ווערטה אוועקצוגעבען א גאנ־
צען לעבען, *ווען ניט זיינע שפעטערדיגע
ליידען*. אט, אז אין דער צייט, ווען איהם האט געטראפען דער
גייסטיגער בליטץ פון אונשטערבליכקייט וואלט איהם געטראפען
אויך א פיזישער דונער, וואס וואלט איהם פערשפארט דעם שפע־
טערדיגען גיהנום, — אדער ווען ער וואלט א לעבעדיגער ארויפגע־
נומען געווארען אויפ׳ן הימעל ווי אליהו הנביא, יעמאלט וואלט זיין

גן־עדן געווען פאַלקאָם; אָבער יעמאַלט וואָלט ער ניט געקאָנט זיין קיין ביישפּיעל און קיין סימבאָל פאַר דעם מענשענ׳ס לעבען, וואָס איז פול פון יסורי־גיהנום, דערהויפּט ביי די דוד לייזער׳ס. עסט ניט אויף דער גיהנום דעם גן־עדן? ווערט ניט דער גן־עדן פערברענט אין דעם פייער פון דעם גיהנום?

יע, ענטפערט אַנדרעעוו, דורך דעם „שומר“. דאָס, וואָס איהר רופט אַן גיהנום, עסט אויף דעם גן־עדן. האָט דוד לייזער אַליין ניט געזאָגט, אַז אינווענינג אין איהם ברענט אַ ווייסער פייער, אויף וועל־כען די לבנה ווערט שוואַרץ און די זון ווערט איבערגעברענט ווי געלע שטרוי? אָ ב ע ר ו ו ע ר ז אָ ג ט ד אָ ס, א ז ל י י־ ד ע ן א י ז ג י ה נ ו ם? דאָס איז די פראַגע, וואָס אַנדרעעוו שטעלט, און זיין ענטפער איז, אַז די ווייסע פלאַמען פון יסורים איז נאָך אַ טיעפערע מדרגה אין דעם געטליכען לעבען, איידער די געלע פלאַם פון גליק, פרייד און ליעבע.

גאָט, אָדער דאָס וואָס מיר זוכען אונטער דעם נאָמען, איז לויט אַנדרעעוו, ניט שכל, ניט ליעבע, נאָר עפּעס אַזוינס, וואָס מיר קאָ־נען אויסדריקען נאָר בילדליך, ווען מיר זאָגען, אַז ער איז „דער פייער פון דעם געפיהל“. און עס איז ניטאָ קיין גבול צו דעם פאַנ־אַנדערגליהען פון דעם פייער. גליק און אונגליק, פרייד און יסורים, זענען נאָר די ערשטע ש ט ו פ ע ן, צו וועלכע אויך דער מענש קאָן דערגרייכען אין זיין לעבען. אָבער „די ליכטיגקייט“ האָט ניט קיין גרענעצען, און עס איז דאָ נאָך איינער אַן אונבעקאַנטער פייער, וועמעס נאָמען קיינער ווייס ניט.

וואָס איז דער תוך פון דער וועלט? און וואָס איז דער גרונד פון דעם לעבען? די גאַנצע געשיכטע פון דער פילאָסאָפיע דרעהט זיך אַרום דעם ענטפער אויף דער פראַגע. העגעל מיינט, אַז דער וועלטען־גרונד איז שכל, פיכטע זאָגט: ער איז דער ווילען צו דעם מאָראַליש גוטען. שעללינג זאָגט, דאס אַבסאָלוטע איז אַ שטרעבען צו דעם עסטעטיש שעהנעם. אַנדרעעוו שטעלט זיך אויף דער זייט פון די, וואָס גלויבען, אַז אין דעם ג ע פ י ה ל דריקט זיך אויס דאָס געטליכע פּרינציפּ פון דער וועלט און אַז דאָס געפיהל איז דער מקור, פון וואַנען עס שלאָגט דער קוואַל פון לעבען. און וואָס טיע־פער איינעמ׳ס געפיהל איז, אַלץ נעהנטער איז ער צו גאָט און צו

דעם מקור פון לעבען. אין די ליידען איז ער נאָך נעהנטער צו איהם, איידער אין די פריידען, ווייל די ליידען זענען שטאַרקער און טיע־פער, איידער די פריידען...

אָט דאָס איז דער מעטאַפיזישער תמצית פון אנדרעעוו'ס אַנאַ־טעמאַ, וואָס דאַרף אונז פערענטפערען די גרויסע שאלה פון לעבען און טויט.

עס איז ניט דאָ דער אָרט אָבצושעצען דעם פילאָסאָפישען ווערטה פון אַנדרעיעוו'ס געפיהלס־מעטאַפיזיק. פאַר אונז איז נאָר געווען וויכטיג קלאָהר צו מאַכען אַנדרעיעוו'ס געדאַנק און זיין שטעלונג צו די גרויסע פּראָבלעמען פון דער פילאָסאָפיע. מיר האָבען געפונען, אַז אין לעצטער ליניע איז ער אַן אָ פּ ט י מ י ס ט, — אַ מענש, וואָס גלויבט אין דעם זין פון דעם לעבען און פון דער וועלט, ווייל דער פאַקט פון יסורים און טויט זענען ניט קיין בעוויז פאַר דעם פּעסימיזם, נאָר, אדרבה! — אַ בעוויז פאַר דעם אָפּטימיסט. יסורים זענען אַ העכערער אויסדרוק פון לעבען אויף דער וועלט און דער טויט איז נאָר אַן איבערגאַנג צו אַ וועלכען עס איז אַנדער פייער פון געפיהל, וואָס מיר קאָנען מיט'ן שכל גאָר ניט בענעהמען זיין מהות.

פאַר אַנאַטעמאַ, פאַר דעם שכל, איז דאָס, פערשטעהט זיך, ניט קיין ענטפער. בלייבט ער אין דער ממשלה פון צאָהל, מאָס און וואָג, פון רוים און צייט, איז יעמאָלט מוזען איהם די אַלע ערפאַהרונגען פון אַ דוד לייזער אָדער פון אַ דאָסטאָיעווסקי אוים־קומען ווי אַ געפּלאַפּעל פון אַ שכור'ען. פערגעסען מיר אָבער אויף דאָס, וואָס אונז לערנען די אויסערליכע חושים און דער פערשטאַנד, פערטיעפען מיר זיך אין די סודות פון דעם אייגענעם געפיהל, אזוי בייט זיך איבער אונזער מאָס, און דער שכור'ער איז אין אונזערע אויגען ניט דער געפיהל, נאָר דער פערשטאַנד. זעהען מיר דען ניט, ווי ער צאַפּעלט זיך אין דעם נעץ פון די אויסערע חושים, ווי ער ליעגט אָהנמעכטיג ביי דעם פוס פון די אייזערנע טויערן, בעת אין דער אמת'ען זענען זיי אָפען פאַר יעדען איינעם. ניט אין דער אונענדליכקייט פון דעם געדאַנק דאַרפען מיר זוכען דעם אריינגאַנג צו דער אייביגער גאָטהייט, לערענט אונז אַדרעיעוו, נאָר אין דער אונענדליכקייט פון דעם געפיהל.

דאָס איז דאָס לעצטע וואָרט פון אַנדרעיעוו׳ס דענקען וועגען די רעטעניסען פון דער וועלט. עס איז ניט קיין ניי וואָרט, אָבער דערפאַר אַרויסגעזאָגט אָריגינעל און מיט קראַפט.

מיט דעם וואָלט איך געקאָנט ענדיגען מיין היינטיגע פאָר־לעזונג. אָבער איך וויל נאָך זאָגען אַ פּאָר ווערטער פאַר די, וואָס בענוגענען זיך ניט מיט דער בעקאַנטשאַפט פון אַן אינטערעסאַנ־טען געדאַנק, אַרויסגעזאָגט אין אַן אינטערעסאַנטער פאָרם. זיי ווילען האָבען דעם קלאָרען פועל־יוצא: „נו — איז אַנדרעיעוו גערעכט אָדער ניט?“

איך מוז מיך אין אומעט און הכנעה מודה זיין, אַז אויף דער פראַגע קאָן איך ניט געבען קיין ענטפער.

די פראַגען פון דער מעטאַפיזיק שפּיעלען זיך אָב אויף די גרעניצען פון אונזער ערקענטניס, וואו עס הערט אויף צו רעדען די ערפאַהרונג און דער געוועהנליכער פערשטאַנד. מען קאָן, אויב איהר ווילט, פּשוט אוועקמאַכען די אַלע פראַגען כלאחר יד און זיך זאָגען: מיר ווילען ניט געהן אַזוי וויט, פאַר אונז איז גענוג געראָמים די וועלט פון דער ערפאַהרונג און דעם וויסענשאַפטליכען דענקען. אָבער יעמאָלט דאַרף מען זיך לכתחילה אָבזאָגען פ ו ן א ו ו ע ל כ ע ן ע ס א י ז ע נ ט פ ע ר אויף די אייביגע פּראָבלעמען און דערוועגען אין זיך דעם דאָרשט צו דעם אייביגען אמת. ניט אַלע אָבער קאָנען האָבען אין זיך דעם הערואיזם פון בעשיידענהייט.

און איז דאָס אין דער אמת׳ען אַ בעשיידענהייט, ווען איינער שמועסט זיך איין, אַז ער פ ר ע ג ט ניט, אַז ער האָט דעם כח נאָר ניט אַ טראַכט צו טהאָן וועגען די אייביגע פּראָבלעמען, בעת אין דער ווירקליכקייט האָט ער ערגעץ וואו אין דער בוזעם־טאַש אַ קליינינקען, הויז־געבאַקענעם אמת׳ל, אַ גאָט׳על פון אברהם׳ן, יצחק׳ן און יעקב׳ן, אָדער אַ מאַטעריע׳לע“ פון ביוכנער, פאָכט און מאָלעשאָט, אָדער אַן אייזערנעם „געשיכטס־גאַנגעלע“ פון אַ מארקס און ענגעלס און ער קוויקט זיך מיט זיין אמת׳ל אין דער שטיל?

און איז דאָס באמת אַ ה ע ר אָ י ז ם, ווען איינער האָט מ ו ר א אַרויסצושלעפּען זיין אמת׳על אויף דער ליכטיגער זון און

